יצחק ריווקינד

# די היסטאָרישע אַלעגאָריע
# פון ר׳ מאיר ש״ץ

ווילנע — 1929

דרוקעריי „ווילנער פאַרלאַג״ פון ב. קלעצקין

דעם אידעאלן ד"ר חיים ספיוואק,
א ר' מאיר ש"ץ בדורו,
געווידמעט מיט פריינדשאפט און ליבשאפט

# ביאָגראַפיע:

ר' מאיר ש"ץ איז א באַרימטע היסטאָרישע פּערזענ־לעכקייט פון מיטלעלטער, אַרום וועלכער עס האָבן זיך געוועבט און געשפּונען אַ סך לעגענדעס. זיין געבורטסאָרט איז ניט באַקאַנט, זיין ביאָגראַפיע — פאַרנעפּלט און פאַר־טונקלט. פון דאַנען נעמען זיך די פיל אַרום אים געשאַ־פענע אַגדות. געלעבט האָט ער אין עלפטן יאָרהונדערט, געווען אין איין צייט מיט רש"יס רביים [1].

ער איז געווען אַ פירנדיקער גייסט אינעם יידישן רעליגיעזן לעבן. געווירקט און געווען טעטיק אין וואָרמס אַלס חזן, שליח צבור (ש"ץ). פון אים שטאַמט אַ ספר מנהגים, וואָס ווערט דורכן מהר"יל (ר' יעקב ב"ר משה הלוי, בערך 1350—1427) איינינקע מאָל דערמאָנט אַלס „מנהגי דר' מאיר ש"ץ" [2].

אויב זיין לעבנסגעשיכטע איז פאַר אונז פאַרהוילן, איז אָבער דערפאַר זיין שאַפונגסוועג מער אָדער ווייניקער גענוי פאַרצייכנט. ער איז געווען אַ ביבל־קאָמענטאַטאָר און ווערט דורך רש"י איינינקע מאָל דערמאָנט אין פאַרשיי־דענע ערטער אין זיין פירוש. רש"י שטיצט זיך אויף זיי־נע אויסטייטשונגען און טיטולירט ר' מאירן מיט „צדיק", „חכיד" [3].

דער עיקר האָט זיך ר' מאיר געמאַכט אומשטערב־לעך אַלס רעליגיעזער דיכטער. ער איז געווען אַ גרויסער מייסטער און שעפער אויפן געביט פון דער יידישער לי־

1 Zunz, Literaturgeschichte der synagogalen Poesie (Berlin 1865), p. 146.

2 Epstein, A.: Die Wormser Minhagbücher, Gedenkbuch David Kaufmann (Breslau 1900), p. 291.

3 Zunz, Zur Geschichte und Literatur (Berlin 1845), 61.

זע אויך „פיוט אקדמות", ווילנע תרס"ב אין מבוא פון חיים נחמיה שובין, זייט 10—11.

טורגיע, אַ לייכטנדיקע פּאָעטישע פיגור (מען האָט אים טאַקע ליטעראַריש, אַזוי צו זאָגן, גערופן „נהוראי״—דער לייכטנדיקער); מיט דעם איז ער געווען באַרימט אין דייטשלאַנד דאָס גאַנצע מיטלעלטער [4].

ער איז געווען שעפעריש אויף אַלע געביטן פון דער רעליגיעזער פּאָעזיע, אין אַלע אין זיין צייט אָנגענומענע פאָרמען און ריכטונגען פון בוי, סטיל און טעכניק. ער האָט זיך אויך דערלויבט געוויסע נייע ווענדונגען און קריטישע נייע אויסטייטשונגען.

צונץ רעכנט אויס אַלע אַרטן פון זיינע שאַפונגען, קלאַסיפיצירט, סאָרטירט און ציילט זיי [5].

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען די פאַרשיידענע אַראַמישע דיכטונגען, וואָס ער האָט אין אַ היפּשער צאָל געשאַפן [6]. צווישן די תרגום-לידער איז אַם באַרימטסטן געבליבן „אקדמות״, וואָס ווערט נאָך ביז אויף דעם היינטיקן טאָג פאָרגעלייענט אין די שולן דעם ערשטן טאָג שבועות, ווען מען הייבט אָן קריאת-התורה, גלייך נאָכן ערשטן פסוק. דאָס איז בעצם קעגן דעם דין און האָט געגעבן פיל שטאָף פאַר רבנישע שאלות-ותשובות און פאַר כלערליי השערות [7].

ניט ווינציק השערות האָט אויך אַרויסגערופן דער פאַקט, וואָס גראָד אין וואָרמס, דעם ווירקונגס-אָרט פון

4 Elbogen, Der jüdische Gottesdienst (Zweite Auflage, 1924), p. 334.

5 Zunz, Literaturgeschichte... p. 146—151, 248—250. זע אויך צונץ Die synagogale Poesie des Mittelalters (2 אויפלאַגע, 1920) לויט דעם אינדעקס. דאָרט זייט 332 ציילט ער פון ר׳ מאירן 16 סליחות און אין דעם ערשטן נאָר 15.

6 Zunz, Literaturgeschichte.. ,p. 150—151, זע אויך זיין Die gottesdienstlichen Vorträge der Juden .(1892, a404)

7 לאַנדסהוטה א. ל., עמודי העבודה (מחברת ב׳, ברלין תרכ״ב), 164—165. שובין (דצ״ו, זייט 16—21) בויט צוליב דעם אַ גאַנצע טעאָריע, אַז ר׳ מאיר קומט פון בבל (זייט 19),—נעמענדיק צו הילף די לעגענדע, וואָס ווערט פון אים אַנדערש איבערגעגעבן, 13—14. דעריבער, קומט אויס, האָט ר׳ מאיר פאַרפאַסט „אקדמות״ אין אַראַמיש, אין דער אומגאַנג-שפּראַך פון די בבלער יידן, און לויט דעם דאָרטיקן מנהג איז אויך רעכט, פאַרוואָס מען זאָגט אקדמות אינמיטן קריאת-התורה.

ר' מאיר ש״ץ, איז „אקדמות" ניט פאַרגעלייענט געוואָרן. אַ לעגענדע וויל האָבן, אַז אַמאָל איז דאָרט געווען אַ חזן, וואָס האָט געזאָגט „אקדמות" מיט אַן אָנגענעמער שטימע און מיט גרויס כּוונה, און נאָכדעם, ווי ער האָט געענדיקט, האָט אים גאָט צוגענומען; דעריבער זאָגט מען דאָס מער ניט [1].

דאָס ליד „אקדמות" איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העבּרעאיש [2] און אויך אין יידיש [3].

1 עפשטיין, א., דצ״ה זייט 289, באַמערקונג 6.

2 דאַווידזאָן ישראל, אוצר השירה והפיוט, נומער 7712.

3 ווי ווייט פאָפּולער דאָס ליד אקדמות איז, באַווייזט דער פאַקט פון זיינע פילמאַליקע איבערזעצונגען און איבערדרוקן. ער געפינט זיך אין דרייערליי פאַרשיידענע אויסגאַבעס:

I. כּמעט אין אַלע אויף אַלט-יידיש איבערגעזעצטע מחזורים און קרו״בץ, מנהג אשכּנז ופולין. אַזוי האָב איך דאָס געזען, צום ביישפּיל, אין קרו״בץ אַמסטערדאַם 1671, פראַנקפורט-מאַין 1709, פּראָג 1713, אַמסט׳ 1721, ווילהערמערסדאָרף 1723 און אַנדערע. אין די אַלע נאָר יידישע מחזורים געפינט זיך אויך איבערגעזעצט זיין צווייט אַראַמיש ליד „ארכין";

II. אין דעם אַזוי פאַרשפּרייטן ספר „צאינה וראינה", ווי אין די אויסגאַבעס אַמסטערדאַם 1722, מעץ 1768 צום סוף אַלס צוגאָב;

III. אַלס סעפּאַראַטע אויסגאַבעס. אויסער דער פּירטער אויסגאַבע פון 1694 (זע ווייטער אין דער ביבליאָגראַפיע) גיט שטיינשניידער אָן אין קאַטאַלאָג באָדלעיאַנאַ ז' 1700 אויך אַ דרוק פון אקדמות מיט רות צוזאַמען פון פראַנקפורט-מאַין 1721 (בן-יעקב א' נומער 929). צו די צוויי איז צו דערגאַנצן די פאָלגנדיקע אויסגאַבעס: 1) פירט 1770, 2) דאָרט 1778, 3) דאָרט 1784, 4) בּרין, 1784, 5) וואַרשע 1810, 6) לעמבערג 1909, 7) פעלט יאָר און דרוק-אָרט (לעמבערג?). אויפן שער שטייט „גם האָבן מיר מוסף [!] געווען „יציב פתגם" אויך אויף טייטש". די אַלע אויסגאַבעס געפינען זיך אין דער ניו-יאָרקער סעמינאַר-ביבליאָטעק אויסער נומער 3, וועלכע איז פאַראַן אין יודא יאַפּעס קאָלעקציע. געווען אויך געדרוקט אין „ספירת העומר", מעץ 1768. זע אויך סעפּאַראַטע אויסגאַבעס אין ש. ווינערס „קהלת משה" אות א' 869 A. פאַרגלייך שטיינשניידערס יד״ליט נומ' 16.

כּדאַי פאַר אַ פאַכמאַן צו מאַכן אַ פאַרגלייכנדיק פילאָלאָגיש שטודיום איבער די איבערזעצונגען פון אַקדמות-ליד אַליין, וואָס דאָס וועט געוויס דעמאָנסטרירן די פאַרשיידענע אַנטוויקלונגס-שטאַפּלען פון יידיש; פון דער ערשטער איבערזעצונג ביז דער פריי פאַריידישטער איבערדיכטונג פון י. ל. פּרץ. („פינף מגילות, אקדמות און חד גדיא", ווילנע 1925).

אַלס דיכטער איז ער פון אַלע גרעסטע פון זיין צייט, ווי אויך פון די שפּעטערדיקע דורות געריטמט געוואָרן אַלס דער־יעניקער, וואָס „האיר עיני ישראל בפיוטיו" [4], צווישן זיי אויך פון רש"י'ס רבי ר' יצחק הלוי [5].

אָט צו דעם ר' מאיר ש"ץ ווערט צוגעשריבן די „מעשה פון אקדמות", ווי עס ווערט אָנגערופן אין אַן אַלט יידיש ספר, די מעשה פון אַ „שוואַרצן מינך" און אַ „רויטן יודליין" — און די ישועה, וואָס ער האָט געבראַכט די יידן אין אַ שווערער צייט.

## טעקסט, אינהאַלט און באַלייכטונג:

קיין צווייפל, אַז מיר האָבן צו טון מיט אַ געשיכטלעכער אַלעגאָריע איבער אַ פּאַסירונג, וואָס וואָרצלט אין לעבן, ניט אין דער לעגענדע, וואָס איז פאַקט, ניט אַגדה. נאָר די אמתע היסטאָרישע קערנער באַדאַרפן איצט אויסגעשיילט ווערן, כדי צו קענען פעסטצושטעלן די גרענעצן צווישן וואָרהאַפטיקייט און לעגענדאַרישקייט. ריכטיק האָט באַמערקט שטיינשניידער, אַז דער היסטאָרישער הינטערגרונד פון דער לעגענדע באַדאַרף נאָך דערפאָרשט ווערן [6].

לויט דער גאַנצער סטרוקטור פון דער אַלעגאָריע איז אַרויסצוזען דעם „היסטאָרישן הינטערגרונד".

אַלערערשטנס די צייט, ווען ר' מאיר האָט געלעבט— די שווערע פינסטערע צייט, נאָענט פאַרן ערשטן קרייץ־צוג, אין וועלכן עס איז אויך אומגעקומען זיין זון ר' יצחק. די גאַנצע מעשה מיטן שוואַרצן גלח, דעם צורר היהודים, די גאַנצע שילדערונג פון זיינע נגישות, רדיפות און „שוואַרצע קונצן", וואָס האָבן אומגעבראַכט הונדערטער יידן, איז דאָך ניט מער ווי אַן אָנשפּילונג אויף דער ממשלה פון דער גלחים־קאַסטע. אַנטקעגן דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון די קלויסטער־פאָרשטייער אין יענער צייט זייגען אויך די מלכים און הערשער געווען אוממעכטיק, ווי עס

[4] Zunz, Literaturgeschichte... ,p. 610 (13).

[5] Zunz, Die Ritus... (Berlin 1859), p. 197.

[6] Die Geschichtsliteratur der Juden, 1905, 34 § 22b; זע אויך דאָרט זייט 80, § 91a.

איז דער פאַל דאָ מיטן אומבאַוואוסטן קייסער „מרטן דילאנץ". ער איז געווען, ווי עס ווייזט אויס, אַ מלך של חסד, נאָר ער האָט ניט געקענט העלפֿן די יידן, וואָס האָבן זיך געווענדט צו אים נאָך הילף: „דא שפּראך דר קייזר צו דיא יהודים איך פערכט מיך מיט דען מינך עטוואז צו בגינן ער מאכט מיך אויך טיטן" — אַ שורה, וואָס כאַראַקטעריזירט קורץ, שאַרף און פריי די גאַנצע טרויעריקע סיטואַציע פון די שוצלאָזע יידן, ווען זי ווערט פאָלקסטימלעך געשילדערט און באַשריבן [7].

און דערנאָך די גאַנצע כישוף־סצענעס, וואָס ווערן דאָ געשילדערט צווישן דעם גלח און דעם ייד, דערמאָנען אַזוי שטאַרק אין די טרויעריק־באַרימטע מיטלעלטערלעכע רעליגיעזע וויכּוחים. די יידן האָבן באַדאַרפט דערוויילע צייט געווינען, כּדי צו קענען ברענגען אַ גרויסן יידישן געלערנטן, אַ חכם, וואָס זאָל זיך קענען אַנטקעגנשטעלן. און דאָס האָבן זיי ביים קייסער געפּועלט: „דאך איך וויל מיט אים רידן, דז ער איין יאר זאל צייט געבין אונ׳ ער זאל אייך אין דען גאנצין יאר ניט בילײדיגן. זוא מוזט איר זעהן ווען דש יאר אויז איז דז איר אים איין קונשטן מאכיר אנט קיגן שטעלט".

אין אונזער פאַל ווערט אַרויפגעלייגט די האָפענונג אויף יענער לעגענדע פון שטאָלצע אומאָפּהענגיקע יידן, די „עשרת השבטים" — אַ לעגענדע, וואָס אַ פאָלק האָט אויסגעשפונען אין די ביטערסטע צייטן פון זיין קיום, אַז כּאָטשבי העט־ווייט אויף יענער זייט פון דעם אַגדישן סמבטיון לעבט אַ פרייער, שטאַרקער, שטאָלצער שטאַם, וואָס „האבין קיין גלות מער גיהאט. אונ׳ אלי פעלקער דיא דארטן אום דען באך סמבטיון ארום וואונן, דיא מוזן אונז מס געבין... אונ׳ זיא הבן אונטער זיך פיל גוים צו עבדים אונ׳ שפחות, אונ׳ זיא זיין גאר שטארקי לייט, איינר שלגט אויף טויזנט אונ׳ צעהן אויף הונדרט טוזינט. אונ׳ דז גרושי רייכטום אין דען זעלביגן לאנד איז ניט צו בישרייבן; אונ׳ זיא זיין זוא פיל דז זיא קיין צאל ניט האבן"...

7 ציטירט דאַ, ווי אויך ווייטער, לויט דער אויסגאַבע נומער 3 (זע ביבליאָגראַפיע); די דאָזיקע ציטאַטעס פעלן דאָס רוב אין די אַנדערע אויסגאַבעס.

ס׳איז די זעלבע שילדערונג פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, ווי זי קומט פאָר אין דער אַזוי רייכער ליטעראַטור וועגן די עשרת השבטים [1].

לויט אונזער „מגילה" קומט פאָר פריער אַ באַראַטונג פון „כל ישראל", ווען מען אויסצוקלייבן אַלס שליח צו די „בני מושיעים". דער גורל איז געפאַלן „אויף רבי מאיר חזן, דר וואר איין גרושר צדיק אונ׳ חסיד אונ׳ איין למדן". ער לאָזט זיך אין וויטן וועג מיט נאָך „דרייא פרומי לייט". ער גייט אַליין אַריבער צו זיי אום שבת, ווען דער סמבטיון רוט. ער פאַרבלייבט שוין דאָרט אויף אייביק, ווייל ער האָט ניט צוליב חלול־שבת קיין מעגלעכקייט זיך אומצוקערן אַהיים. ער לאָזט איבער זיין פרוי אַן אייביקע עגונה, „א פרומי אלמנה פר זיצן", און ער האָט חתונה מיט דער טאָכטער פון דעם „רוטן יודליין", דער וואָס אויף אים איז געפאַלן דער גורל, וואָס זיי האָבן געוואָרפן „אונטר אנגדר ווער הרביר ציהן זאל", צו העלפן די יידן.

דער רויטער ייד, וואָס קומט אויפן אָרט פון ר׳ מאיר, פאַרמעסט זיך מיטן צורר היהודים דעם שוואַרצן גלח, איז אים מנצח און ראַטעוועט די יידן פון אַ גרויסער צרה. ער האָט חתונה מיט ר׳ מאיר, זיין איידעמס, טאָכטער און ברענגט פון אים דאָס ליד „אקדמות", וואָס „ער האט מיך גיבעטן איך זעלט אים זינגן פון זיינט וועגן... דז זיין נאמין זאל ווערן גידאכט צו אלי גיבירד. אוני איך זאלט לאזן ווישן דיא דאזיגי גישיכטניס צו דער גאנצין וועלט"...

און אַזוי קען מען טאַקי געפינען אויך אין „אקדמות" געוויסע רמזים אויף יענע היסטאָרישע פאַסירונגען פון דער צייט פון רעליגיעזע דיספוטן און אַן אָנזאָג פון די בלוטיקע „מסעי־הצלב": „אוני דען זמר וואש רבי מאיר חזן גימאכט האט, דז רעט פון דען גלות וויא אונז דיא גוים וועלין אן רידן צו דינן דיא עבודה זרה אונ׳ וויא מיר ענטפערן זאלין".

1 פריינד ד״ר חיים ספיוואַק האָט צונויפגעשטעלט אַ ביבליאָגראַפישע רשימה פון דער עשרת השבטים־ליטעראַטור אַלס קאַפּיטל פון זיין „יידישער מעדיציניש ביבליאָגראַפיע", וואָס, לאָמיר האָפן, וועט דערזען באַלד די ליכטיקע שיין.

## קוועלן = רעמאַרקן:

שובין, וואָס האָט אַליין ניט געזען „דיא גישיכטניס פון רבי מאיר ש"צ", האָט זי אויסגעטייטשט פאַרקערט: אַז לויט אַ פאָלקס-לעגענדע שטאַמט גאָר ר' מאיר ש"ץ פון סמבטיון. פון דאָרט זאָל ער זיין אַריבערגעקומען אַהער מבטל צו זיין אַ בייזע גזירה, וואָס האָט באַדראָט די יידן, און אַזוי אַרום איז ער שוין פאַרבליבן אין דייטשלאַנד [2].

נאָך אים איז אויך נאָכגעגאַנגען פישמאַן [3], וועלכער גיט איבער כמעט ווערטלעך שובינס רייד, ניט אָנגעבנדיק נאַטירלעך, ווי דער מנהג איז, קיין מקור. נאָר ביי אים ווערט צום סוף אַ פּלאָנטער, און עס קומט גאָר אויס אַלס רעטער אַן אַנדערער, דער זון מסתמא... „אז בא ממרחק הרב ר' יצחק [? — ר'] ב"ר מאיר והוא הצליח בחכמתו לנצח את הכומר ולהציל את היהודים".

לויט דער שריפטלעכער טראַדיציע האָט פּאַסירט גראָד דאָס אומגעקערטע. ר' מאיר האָט זיך מקריב געווען פאַר דעם וואוילזיין פון זיינע ברידער, פאַר וועמענס „וועגין האט זיין חיות גיוואגט": ער איז אַריבער דעם סמבטיון און געבליבן אויף אייביק צווישן די רויטע יידן, ניט צוריקקערנדיק זיך קיינמאָל אַהיים און זיין לאַנד:

„Ergo ipse noster auctor fingitur quamquam a Judaeis ultra flumen Sambatjon non reversus dicitur"! [4]

די „גישיכטניס" ווערט געבראַכט אין נאָך דריי אַנדערע מקורים. אַם אינטערעסאַנטסטן איז דער מקור פון דעם איטאַליענישן רב ר' אַברהם יגל (געלעבט אין אָנהייב 16טן יאָרהונדערט), וואָס ברענגט אין זיין חיבור „באר שבע" (מאַנוסקריפּט) דעם תמצית פון דער גאַנצער פּאַסירונג און רעדט דאָרט וועגן אַ „מגילת ר' מאיר", וואָס מען איז זיך נוהג אין אַנדערע ערטער אין דייטשלאַנד פאָרצולעזן שבועות: „ולקה"לות הקדושות בני אשכנז נמצא מגילה אחת אשר קצתם נוהגים לזוכר(ם) הבשבועות אותה [5]".

2 זע „פיוט אקדמות" ז' 13.
3 „האקדמות" ומחברו, התור III, גליון כ"ה — כ"ו.
4 קאַט' באָדל' ז' 1700.
5 קובץ על יד IV, ז' 39.

אַט די מגילה מוז זיין ניט קיין אַנדערע ווי די יידישע, ווייל קיין העברעאישער טעקסט פון דער געשיכטע איז לחלוטין ניט באַקאַנט. דאָס ווערט נאָך באַשטעטיקט פון די רייד פונעם פּראָגער „ריש מתיבתא ודרשן" ר' אליה שפּיראָ (1689—1712), וועלכער באַמערקט: „גם נמצא נדפס בל"א [= בלשון אשכנזן] ישן נושן מעשה באריכות דעל מה תקנו אקדמות, וס"ם שכיון המעשה היה במדבר לכן תקנו לומר אחר במדבר סיני זוכר לנס" [6].

ר' אליעזר ליבערמאַן (אין 17טן יאָרהונדערט), דער איבערזעצער פון זיין פאָטערס, יפתח יוזפא שמשס, וואָרמסער לעגענדן-בוך, באַנוצט זיך מיט אַ גאַנצן אָפּשניט פון אונזער אַלעגאָריע, מיט דער מעשה וועגן אַ כישוף-ראָד: „עז וואר איין מכשף דער האט איין ראד גמאכט אונ' דא ארויף האטן זיך גזעצט צעהן פרשון אונ' דז ראד וואר ארום גין אונ' אלז עז ארום גנגין איז אזו האט דער שד דער איבר דז ראד גזעצט איז איינם פון זיא אום זיין לעבן גבראכט אבר דיא דא פון קומן זענן דיא האבן אלי כישוף גקענט אלז וואש ער זיך גייארט אין זין גנומן האט. דז האט ער גקענט טאן. עז איז איין מעשה גדרוקט פון אקדמות דזמן אם שבועות זאגט דארט אינן שטיט דז מעשה גנץ או"ש"... [1].

די דאַטעס פון דעם געשעעניש, סיי אין אָפּענהיימס כתב-יד (זע ווייטער די ביבליאָגראַפיע) קכ"א (= 1361) אָדער לויט דעם געדרוקטן טעקסט קס"א (= 1401) — ווער רעדט תס"א (= 1701) לויט די אויסגאַבן 5,4 (זע ווייטער), וואָס דאָס איז באַשטימט פאַרגרייזט — שטימען אינגאַנצן ניט מיט דער ווירקלעכקייט, ווייל ר' מאיר האָט געלעבט אין 11טן יאָרהונדערט. דער טעות נעמט זיך געוויס דערפון, וואָס מען האָט די פאַסירונג געמוזט פיל שפּעטער אויפשרייבן.

6 אליה רבה (שו"ע אורח חיים) זולצבאַך 1757, ד' קס"ח, סימן תצ"ד.

1 מעשה נסים (געדרוקט צוזאַמען מיט מעשה ה') אַמסטערדאַם 1723, מעשה 22, די ערשטע אונז באַקאַנטע אויסגאַבע איז פון אַמסטערדאַם 1696.

צוליב די אויבנדערמאָנטע סותרדיקע דאַטעס האָט צונץ געמאַכט אַ טעות, צורעכענענדיק די באַשרייבונג אין זיין „געאָגראַפישע ליטעראַטור דער יודען" צום 17טן יאָר־הונדערט. [2]

לויט אים איז ר' מאיר געשטאָרבן 1096 [3], און אין דעם מעמאָרבוך („הזכרת נשמות") פון וואָרמס ווערט געבראַכט ר' מאיר ב"ר יצחק „בעבור שתקן שבחות למקום" [4].

וואו ער האָט זיין לעצטע רו געפונען, צי אין וואָרמס אָדער ערגעץ אַנדערש, איז ניט באַקאַנט.

## ביבליאָגראַפיע:

כ'געפין פאַר נייטיק נאָך צוצוגעבן צום סוף אויך אַ ביבליאָגראַפישע רשימה פון די זייער זעלטענע אויסגאַבעס פון דער „געשיכטניס פון ר' מאיר", ווי אויך אַ נאָטיץ איבער דעם אָקספאָרדער מאַנוסקריפט. ווי וויית מעגלעך האָב איך אויך געפרווט אָנצוגעבן יעטוועדער שטעלע וואו זיי ווערן נאָר דערמאָנט. צוליב פאָרשונג־צוועקן איז מערסטנטיילס וויכטיק יעדער קערנדעל אינפאָרמאַציע.

ס'איז שווער פעסטצושטעלן, וועלכע פון די אויסגאַבעס איז דער גרונט־טעקסט, הגם איך האָב געהאַט פאַר מיר כמעט אַלע אויסגאַבעס מיטן אויסנאַם פון נומער 2 (אַמסט' 1704).

תחילת האָב איך אָנגענומען, אַז די פירטער אויסגאַבע פון 1694 איז די ערשטע. אָבער נאָך אַ גרינדלעכער איבערלייגונג בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז אַלס סעפּאַראַטע אויסגאַבע איז די פירטער אַן ערשטע, אָבער די מעשה גופא האָט שוין געמוזט זיין אַ סך פריער געדרוקט, אפשר אין די אַלטע מחורים, ווי עס באַמערקט

2 Zunz, Gesammelte Schriften I ,p. 190, № 105.

3 Zunz, Literaturgeschichte... p. 146.

זע אויך וועגן די יאָרן ביי שובין, דאָרט ז' 11.

4 יעללינעק: „קונטרס ווירמייזא", ווין 1880, ז' 7 (דאָרט ז' 4 ווערט געבראַכט זיין זון וואָס איז אומגעקומען אין די מסעי הצלב); קבץ על יד III, ז' 5.

אויך שובין: „האגדה הזאת היתה ידועה ושגורה בפי כל כמו שכתוב במחזורים קודם פיוט אקדמות". [5]

געבראַכט צו דעם געדאַנק האָט מיך דאָס פאָלגנדיקע: ווי באַוואוסט האָט ר' אליעזר ליבערמאַן איבערזעצט זיין פאָטערס העברעאישן „מעשה=נסים" אין יידיש. זיין פאָטער איז געשטאָרבן י"ג שבט תל"ח (1678), און אַז ער ברענגט „עז איז איין מעשה גדרוקט פון אקדמות" — קומט אויס, אַז עס איז געווען אַ סך אַ פריערדיקער געדרוקטער טעקסט, ווי דער פון פּירס 1694! אָנגענומען, פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט איבערזעצט געטריי ווי ביי זיין פאָטער, בלויז צוגע־געבן די מעשה 25 וועגן דער צעשטערונג פון וואָרמס. [6]

אויך קען מען געפינען אַ באַשטעטיקונג אין דעם אויבן ציטירטן אויסדרוק פון ר' אליה שפירא „נמצא נדפס בל"א ישן נושן", וואָס לייגט זיך גיכער אויפן דרוק, ווי אויף דער שפּראַך (לאָמיר אַפילו זאָגן אויף ביידע) — און די ערשטע אויסגאַבע איז דאָך כמעט געווען אין זיין תקופה? — מסתמא רעדט ער אויך פון אַ סך אַ פריערדיקן עלטערן דרוק.

זאָל אימעצער, וואָס איז שכיח ביי די גאָר אַלטע אויסגאַבעס פון דעם יידישן מחזור, אונטערזוכן דעם פונקט און מיטטיילן — מיין דאַנקבאַרקייט צו אים!

די לעצטע צוויי אויסגאַבעס פון מיין רשימה זיינען ביבליאָגראַפיש אינגאַנצן ניט באַוואוסט און זיי ווערן, ווי ווייט איך ווייס און האָב נאָכגעפאָרשט, איצט פאַרצייכנט דורך מיר צום ערשטן מאָל.

איבערהויפּט איז דורך אַ צופאַל, טאַקע בהסיח הדעת, צו מיר אין האַנט געקומען די פערטע אויסגאַבע. פון איר און פון 5 ברענג איך אויך צו איינצלנע פאָטאָסטאַטן (פון 4 אַ בלאַט און 5 דעם שער).

אַלע דריי לעצטע עקזעמפּלאַרן פון מיין רשימה זיינען פון דער ביבליאָטעק פון ניו=יאָרקער יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, נומער 3 און 5 פון דער אדלער=קאָלעקציע. לעצ־טנס איז דאָרט פון נומער 5 צוגעקומען נאָך אַן עקזעמפּלאַר.

5 דאָרט, זייט 13.

6 זע צ. עפשטיין, דצ"ח, ז' 305.

**א. געדרוקטע טעקסטן:**

1) 1694 — פירט [לויט דער יידיש־העברעאישער שרייבונג „פיורדא"]. דער טיטל איז: איין שין וואונדר־ליך מעשה, דז גוויש גשעהן איז, פון איין גליקראד, פון איין מינך פון עכו"ם אונ' פון איין רוטן יודן אונ' ווארום מיר אקדמות זאגן... פירדא תנ"ד בבית הקצין וגו' כהר"ר צבי הירש בן הר"ר יוסף לוי ז"ל. [מיט אקדמות און ארכין אין יידיש] 8°, 12 זייטן.

דער טיטל ווערט געבראַכט אין יידישער טראַנסקריפּ־ציע אין: Literaturblatt des Orients XI (1850) № 35, ז' 350.

זע אויך יידליט נומ' 164 און קאַט' באָדל' ז' 1700, נומ' 6306[3], שטיינשניידער באַצייכנט דאָ די אויסגאַבע אַלס „libellus rarissimus". ער ברענגט אויך דעם אָנפאַנג פון ספור המעשה, פון „אמר ער זאגט ר' מאיר חזן" ביז „איין גרוש פרטומלונג"; שטיינשניידער, Geschichtsliteratur § b22.

בן־יעקב, ז' 354 נומ' 1825 (טראַנסקריפּציע ביי אים: „...אונ' פון ארויטן יידן אונ'... זאגין").

L. Löwenstein, Zur Geschichte der Juden in Fürth—Jahrbuch d. Jüd. Lit. Ges. X, 63, № 27.

(טראַנסקריפּציע ביי אים לויט בן־יעקב). איבער דעם דרוקער צבי הירש ב"ר יוסף הלוי זע ביי אים דאָרט, באַנד VIII, נומ' 97.

שולמאַן ז' 162.

2) 1704 — אמסטערדאַם. איין שין מעשה דאס איז דאס גשיכטניס פון ר' מאיר... געדרוקט ביי זיסקינד אלכסנדר בן קלונימוס ווילן, 8°.

יידליט דאָרט; קאַט' באָדל' ז' 1701 נומ' 6306[4], באַצייכנט דאָס אַלס ניט ווייניקער זעלטן „non minus rara". די אויס־גאַבע הייבט זיך אָן: „ויהי אונד עש וואר איין גרושי צויברייא"; „געשיכטס־ליטעראַטור" דאָרט § b22.

בן־יעקב, דאָרט. (דאָס ערשטע קעפּל לויט זיין טראַנ־סקריפּציע).

3) ? — דרוקאָרט און יאָר פעלט. שטיינשניידער אין קאַט' באָדל' ז' 1701, נומ' 6306[4], דערמאָנט פאַרבייגיי־

ענדיק די אויסגאַבע, פון וועלכע ער האָט געהאַט אַן עקזעמפּלאַר, נאָר אין „געשיכטס ליטעראַטור“, דאָרט § b22 באַטאָנט ער: „letztere Ausgabe ist mir abhanden gekommen“.

קיין צווייפל, אַז די אויסגאַבע איז דיזעלבע וועמענס טעקסט עס ווערט דורך מיר דאָ באַצייכנט. שטאַמט פון יעקב פאַן־ביִמאַ'ס[1] זאַמלונג, פאַרקויפט געוואָרן אדר תרס"ה אין אַמסטערדאַם. זע: רשימת־ספרים פון יעקב נפתלי הירץ לוי פאַן בימא, אַמסטערדאַם תרס"ה, № 495.

4) ? — דרוקאָרט און יאָר ניט באַקאַנט. שערבלאַט — פעלט. אַנטהאַלט דריי מעשיות: „מרגניתא דר' מאיר“, „מעשה מהר"ם מרוטנברג“ און „מעשה פון רבי מאיר“. אַלע דריי פון ר' מאירס. אויף די ערשטע דרייזייטלעך איז אויבן אָנגעשריבן: „מרגניתא דר' מאיר“, פון דעם פערטן זייטל און ווייטער: „מעשה גבורות ה'“ — צוזאַמען 8 בלעטלעך. צום סוף מיטגעדרוקט אָדער מיטגעבונדן: „איין שיינה מעשה זיווגים“, 4 בלעטלעך, וואָס האָבן די זעלבע דרוקבאַצירונג פון אָנפאַנג און סוף ווי די ערשטע 8 בלעטלעך.

קיין צווייפל, אַז דאָס איז אַ לעמבערגער דרוק, ווייל די וויניעטן און די אותיות זיינען גלייך ווי די פון „גדולת משה“ (העברעאיש און יידיש), לבוב תקס"ה. דער עקזעמפּלאַר שיידט זיך אונטער פון טעקסט נומ' 3 (אויסער וואָס שפּראַכלעך) אויך מיט דעם וואָס אייניקע שטעלן זיינען אַרויסגעלאָזן. ווי שוין אויבן דערמאָנט, איז דאָס אָנגעגעבענע יאָר תסא (= 1701) געוויס ניט ריכטיק.

די מעשה ר' מאיר פאַרנעמט דאָ ניין און אַ האַלב זייטל. פאָרמאַט 16⁰. (זע פאַטאָסטאַט!).

5) ? — לעמבערג [„לבוב“]. אַ שפּעטערדיקע אויסגאַבע ווי די פערטע. אומעטום „גלח“ אָנשטאָט „מינך“. (אין פּנים „שוואַרצער“, ווי ביי אַלע אויסגאַבעס, אויסער „שלעכטער גלח“). די אָרטאָגראַפיע אַנדערש. אומעטום כמעט אַ מלאפום אָנשטאָט אַ חיריק, לויט דעם גאַליצישן אויסלייג ווי קונדער במקום קינדער, דו במקום די.

אויך דאָ איז דאָס יאָר אָנגעגעבן ת ס"א. די אויסגאַבע איז אינהאַלטלעך מער געטרייער דעם טעקסט נומ' 3,

[1] N. H. Van Biema (ינה"ל).

אויסער אָרטאָגראַפיש און שפּראַכלעך פאַרשטייט זיך, אָבער דאָ און דאָרט זיינען פאַראַן געוויסע אָפּווייכונגען ווי איך קליינע אויסלאָזונגען.

האַלט 8 בלאַט. פאָרמאַט 12⁰. קוואַדראַט - שריפט, פּונקטירט, צום סוף אַ דרוק-אָרנאַמענט. דאָס וואָס עס איז אָנגעגעבן אויפן שער (זע פאַטאָסטאַט!), אַז עס איז איבער-געזעצט פון לשון-קודש, איז נאָר לפנים וועגן; פון דעם יידיש זעט מען, אַז עס איז נאָר אַן איבערדרוק פון אַ פריערדיקער אויסגאַבע, מעגלעך אַז פון דער דריטער.

— אום צו זיין פולשטענדיק, באַדאַרף באַמערקט ווערן, אַז אין „רשימת דוד אופנהיים" (האַמבורג 1782) איז על-פי-טעות אָנגעגעבן ביי „מעשה מר"מ שליח צבור בל"א" פ"פ [= פראַנקפורט] דאַדר אָנשטאָט „אַמסטערדאַם", און שטיינשניידער האָט אין זיין עקזעמפּלאַר פון דעם קאַטאַלאָג אייגנהענטיק אַרומגעקלאַמערט דעם ערשטן דרוק-אָרט און געשטעלט: „אַמסט. תס"ד". אין סעראַפּעאום № 164 באַמערקט ער:

„Opp. 894. 0 [= 1826 האַמבורג ,קהלת דוד] und ält. Katal. (27. a. woselbst: F. a. O. s. a.!)"

ב. מאַנוסקריפּט:

דער איין און איינציקער באַוואוסטער מאַנוסקריפּט איז דער פון אָפּענהיימס קאָלעקציע, אויף וועמען אַלע פאַר-

רופן זיך. דער איינציקער גרויסער אויסצוג פון אים ווערט געבראַכט אין XI Literaturblatt des Orients, ז' 549. איך דרוק איבער די פּאָר שורות איינגאַנצן, כדי צו ווייזן די „פּינקטלעכקייט" פונעם קאָפּיסט ביי געציילטע שורות:

„מעשה ער זגט רבי מאיר דר חזן עז איז גיוועזן אין דעם יאר דו מן הוט גישריבן קכ"א לפרט, דו וור איין גרויש פ(מ)רטוימלונג אין דר וועלט, זא גאט ית' שמו הוט אין דיא וועלט גישיקט, אין ויגין איינש קאניגש דר היש מרטינא-דר קויניגט אין ויל לנדע. די לאנצא אין זיינן צייטן וואורד גימכט דאז גליקש ראד איש וואורד אך ורשטויז אין זיינן צייטן, אלז איך אויך וויל לוזן ווישן. עז וור אין זיינן צייט גרוש צברייא. איין ראד דר היש מן קלויג-ראד, דען

ווער דארוף גיוועזן, דר קונט דורך דיא שדים טהון ווז ער וואלט. אבר דר לון בון דעם שד וור דז אירי מוזטן ציהן זיין, דיא זיך אויף דז ראד זעטצטן. אונד איינר אויז דען ציהן נאם ער צו זיך און שפיהלט וויע ער נור וואלט נוך זיינם לושט און ביגער און די אנדרע לערנט ער וואז זיא ביגערטן, דא וורן פיל דער שוילך און דר שוורצ קוינשטר אוף דר וועלט ביז צום לעשטן קאם איין יוד".

פאַרצייכנט דורך נייבויער אין Catalogue of the Hebrew Manuscripts 2213, 6. דער איינציקער זאַך וואָס ער ברענגט לייענט זיך ביי אים אַזוי: „מ'(= מעשה) ע ז זגט רבי מאיר דער חזן ע"ה אין דעם יאר דז מן היט גישריבן קכא לפרט" און די שטעלע פון קיניג לייענט זיך ביי אים אַזוי: „מרטינא דער קוניגט איין ויל ולנדא דיז לאנצא". דער מאַנוסקריפּט איז באַשריבן פון שטיינשניידער אין סעראַפּעאום 1864, נומ' 410, IV 1.

ניו-יאָרק, ה — ט"ו כסלו תרפז.

1 לויס פריינד יודא יאָפעס השערה איז דער כתב-יד פון סוף 15טן י"ה, אָבער זיכער ניט שפּעטער ווי פון אָנהייב 16טן י"ה.

## כתב־יד פון דער באָדלעיאַנאַ

מעשה עז זגט רבי מאיר דער חזן איז גיוועזן אין דעם יאר דז מן הוט גישריבן קכ״א לפרט דא וור איין גרוש ור טוימלינג אין דער וועלט דז גאט ית׳ שמו הט אין דיא וועלט גישיקט אין מגין איינש [a 22] קויניגש דער היש מַרְטִיַנו [!] דער קויניגט אין ויל לַנדא דיז לאנצא. אין זיינן צייטן וואורד גימכט דז גלויק ראד אוני וואורד אך ור שטוירט אין זיין צייטן. אלז איך אויך וויל לוזן ווישן.

עז וור אין זיין צייטן גרוש צברייא. איין ראד דז היש מן דז קלויג [!] ראד דען ווער דארויף וור גיוועזן דער קונט דורך דיא שֵדִים טון וז ער וואלט אבר דער לון בנן דעם שֵד וואר דזן אירי מוזטן צִיהן זיין דיא זיך אויף דז ראד זעצטן, אונ׳ אייבר אויז דען צִיהנן גם ער צו זיך אונ׳ שפילט מיט אים וויא ער וואלט גוך זיינם לושט אונ׳ ביגער. אונ׳ דיא אנדרי לערנט ער וז זיא ביגערטן. דא וורן ויל דער שוילר אונ׳ דער שוורץ קוינשטר אויף דער וועלט ביז צום לעצטן קם איין יוּד ביגערט ער אויך צו לערנן אונ׳ צו זיצן אויף דז קלויג ראד מיט דען אנדרי גויאן. דא זך דער דוויג ביזעל דז דער שֵד קם אונ׳ וואלט זיך איינן נעמען, אונ׳ אויז קלויבן איינן בון דען צִיהנן אונ׳ גינג הרוים אין דעם גלויק ראד ביז דעם יודן וואורד צווייבלן אונ׳ גידוכט הז דו איך וויל איך מיך דען גערן דעם שֵד אר געבן אונ׳ וויל דיא וועלט אונ׳ יעני וועלט ור לירן. ביז ער [b22] ואר אנגשט אן הוב צו לייאן קְרִיאַת שְמַע, אונ׳ דז קיין [!] דער שֵד ניט צו הוירן. אונ׳ אים צורן דער שלוג דער שֵד דיא גויאן גרים אונ׳ דז קלויג ראד אונ׳ אזו וואורד קיינש מין גימכט גוך צברייא אין דער וועלט אונ׳ מכטן ואר הין זעלברט שלשיר אונ׳ קלוישטר אונ׳ זאשין דארינן דען זיא מוזטן זיך ביזארגין ואר דעם קויניג לייכט גיריט אין דיא קונשט ניט. אודר ער ליז זיא טויטן אים שלאף.

אזו פורטן זיא דז מולט דיא וועלט דז מן ניט קונט ווישן ווער זיא וורן זיא מכטן צו אין קומן אלי שויני ווייבר אונ׳ מיידן דיא זיא וואושטן אונ׳ עטליכי מכטן זיך צו מדיבכן מיט קבן [!] אונ׳ וורדן דיא גרוישטן צייברר דיא דא וורן אין דער וועלט.

אונ׳ אין דען זעלבן צייטן קם איין שוורצר מוינך דער העט זיך גערן אן דען יודן גיראכן אונ׳ ווען ער איין יודן זך דא מוכט ער ניט ואר אים לעבן בלייבן ווען ער אין נויארט [a23] אן רוירט אונ׳ גב אים נויארט איין שלק אודר איין שנעל זו גינג ער היים אין זיין הויז אונ׳ שטרב. אזו טויטט ער וואל דריישיק מויזנט אונ׳ אכט הונדרט אונ׳

זעכציק ביז דז חכמים צו אננדר גינגאן אונ׳ שפרכן מיר מוזן דוך אל שטערבן בון דיזם שוורצן מוינכן אונ׳ וורן זיך זעלבשט ביקלגן ואר דעם מלך.

דא שיקט ער נוך דעם מוינך, דא קם ער צו שטֵין ואר דעם מלך אונ׳ שפרך הוך גיברונר [!] קוניג ווז איז אויאר ביגער בון מיר צו ביגערן. דא שפרך דער קוניג דיא יודן ביקלגן זיך דייבר וויא דו אזו ויל פון אין גיטויט הושט אונ׳ דא שטֵין דיזן הינדר דיר, דא וניט ער זיך הרדים אונ׳ זך זיא אן. אונ׳ שפרך ויז דו איך רויר מיך אויך דוך ניט מער אן אז מיט איינם נייגאר. אונ׳ אזו רוירט ער דרייא בון אין אן. אן דען יודן אונ׳ ער צוך אין איר קרפט אויז. אונ׳ זיא גינגאן נויארט היים אונ׳ זיא שטרבן. דא שריאן דיא יודן ווידר צו דעם קוניג גינעדיגר הויך גיברונר קוניג זיין מיר שוילדיג צו טויטן דורך דיין רעכט זא לאז אונז דער שוורץ מוינך ניט טויטן [b23] לאז אונז דורך איין אנדרן טויטן דען זיא וארכטן זיך דער מלך וואויר זיא נים ואר דעם מוינך ארהלטן דיא ווייל ער זיא טויטט ואר דעם קוניג.

דא שפרך דער מלך צו דעם מוינך זיך בייא הולדן מיינר קרון מך מיר די דרייא יודן ווידר גיזונט אונ׳ דו קיינם ניט מער זיין לייד ווילשטו אנדרשט מיין גיבוט הלטן אונ׳ מיין הולט הבן. דא ענטוורט דער מוינך איך וויל גערן דיין גיבוט טון אונ׳ הולט הלטן אונ׳ דיא יודן ווידר לעבנדיק מכן אבר זג דיינן יודן דז זיא מיר איינן שטעלן וועלן אין איינם יאר דער מיט מיר קוינשטן קאן זא וויל איך אויך ניקש טון. אין איינם יאר איז אבר זך דז זיא מיר קיינן שטעלן זא וויל איך זיא אל טויטן ניט דז איך עז טוא פון מיינר ער וועגין נויארט איך הב איין ווינטשפט צו זיא פון לנגאן צייטן בון וועגין דער קוינשט הייט איז עז זך דז זיא זיך ביווילגן צו דיזר זכן. זא וויל איך גיבוט דיינר גינוד הלטן איז עז אבר ניט [a24] זא וויל איך זיא אל טויטן אונ׳ זוילט איך לייכט אויך גיטויט ווערדן.

דא זגט דער קויניג ער ווילס אב טרעטן. דא טרט ער אב אויז דעם פאליש דעם קויניג דא רויפט דער קויניג דיא יודן אונ׳ זגט איר ליבי לייט ווז קן איך אויך דארויף ענטוורדן. קוינט איר מיר דז ביווילגן זא וויל איך עז אים זגן. דז ער וורט ביז דז יאר הרוים איז. אונ׳ אויאר קיינם ניקש טון אונ׳ אזו בליט ענטוורטן דיא יודן מיט גרושם וארכט אונ׳ ציטרניס מיר ווען דז יאר ציל אן געטן דען זיא גידוכטן לייכט פיגרת ער אין דעם יאר. דארוים וועלן מיר תשובה טון. דא ליז דער מלך דען מוינך רויפן אונ׳ שפרך צו אים דיא יודן וועלן איינן שטעלין דער מיט דיר זול קוינשטן נויארט דו זולשט שווערן דז דו אין אין דעם יאר ניקש טון ווילשט. אזו שוואור ער. אונ׳ שידן דא פון דנין. אונ׳ דיא יודן הובן אן צו טון תשובה תפילה צדקה איין זק ואל ערדן וורין זיא אן טון פון קליין ביז גרוש אונ׳ שיקטן אויז אזו וויט אז יודן וורן דז זיא זוילטן תשובה טון דז דער מוינך פיגרן מויכט דז ער ניט אלי יודן מויכט טויטן אזו טעטן זיא תשובה אז וייט אז עז יודן וואושטן.

אזו וואר איין תלמיד חכם דער וור אויבר זיינם לערנן אנטשלאפן [b24] דא טרוימט אים אונ אנדרי׳ חסידים מער אונ׳ ער זגט צו אין דער בעל חלומות ליבן קינטר איר זייט ביטן אוים אן קוינשט אויף דז מוינכש טוט דען ער שטערבט דז יאר ניט אבר בליד נוך דעם יאר ווערט ער שטערבן דארוים זעכט איין גיטן רוט דען הקב״ה וויל אים זיין בושקייט ניט ווערן די ווייל אויאר זוינט גרוש זיין גיגין אים אבר איז דז איר אזו ורום בלייבט אלז איר הבט אן גיהובן אונ׳ טרעטט פון אים ניט אב. דען ווערט הקב״ה זיין רושר ניט ור לוזן אויך צו העלפן אונ׳ שיקט נוך איינם דער איין קוינשטר איז דער ביווערן קאן דיא מלאכים אונ׳ ניט מיט כישוף זוינשט קיין [!] קיינר ניט ואר אים בישטין ואר דעם מוינך דארוים זעכט אויאר בעשט.

דא דיא מנין אויף ווכטן אונ׳ גידוכטן ליבר הער גאט ווז מג דז גיזיין ווז מג דיזר טרוים ביטויטן ביז דז זיא ווידר אנטשליפן דיא אנדר נכט אבר איבר אירי סְפָרים דא קם אין אבר דיזר טרוים ואר דא גידוכטן זיא חז מג דיזר טרוים זיין אונ׳ וואלטן דיא מיטר נכט ניט שלופן אונ׳ שפרכן ויל לייכט ווערט אונז גאט ית׳ שמו לאזן ווישן צו ביוורן אונזרן [a25] לייב אונ׳ ער איך הוט גיטון צייכן צו אונזרי עלטערן אונ׳ טעטן תפילה אונ׳ שפרכן אזו ווען מיר דז אויז זגן דא ווערן דיא לויט עז בלט ואר איין טרוים הלטן דארום ליבר אל מעכטיגר גאט איז דז דז דו אונז איין וואונדר צייכן ווילשט וויזן דא וויז אונז אין דער צייט ווען מיר וכן דא זגט דז איין איטליכר דארום דז מיר עז מויגן ווישן אונ׳ זגין ואר איין ווארהייט אונזרי ברוידר. אונ׳ מיר מויכטן איין הוילף גיפינטן דארויף. אזו דר ברמיט זיך גאט ית׳ שמו אונ׳ שיקט זיין בעל חלומות אין וכין אונ׳ זגטן אין וויא אובן שטיט.

אזו בליט שריבן זיא בריף איינר דעם אנדרן. דען דער בעל חלומות איטליכם אזו גיזגט איך הב דיינם גיזעלן אך לוזן ווישן אונ׳ אזו הב איך אים גיזגט דער דא זיצט אין יענר שטט אזו זגטן זיא איטליכר אין זיינר שטט אונ׳ אי איינר ברוכט עדות פון דעם אנדרן דער דא וור אויבר טויזנט מייל דער שריב בליט אונ׳ שיקט שלוחים אויז.

דא מערקטן דיא יודן וואל דז עז וואר מוזט זיין אזו טעטן זי זיך אל צו אננדר דיא חסידים אונ׳ אלי קוישליכי מנין אונ׳ קיינר וואושט [b25] ווער דא קוינט בשטין ואר דעם כוינך.

אזו וור איינר אונטר אין אונ׳ שפרך ליבן ברוידר דיא ווייל אונז גאט ית׳ שמו הוט גיוורנט ואר דעם טוט דז מיר אונז זוילן אכטן איין קוינשטר דער וואל קאן קוינשטן נון וושן מיר קיינן. עז מוז יוא איינר זיין דיא ווייל ער אונז הוט הייסן איינן אכטן. זו זייט ורום אונ׳ זייט ביטן. מיר וועלן אל דארויף ביטן דז אונז גאט ית׳ שמו לוט ווישן ווער דער ווער דער וואל קוינשטן קאן אונ׳ וואו ער זיין וואָנונג הוט.

אזו וורן זיא אל מיט אננדר צו רוט אונ׳ ואלגטן דעם חָכָם אונ׳ טעטן תשובה תפילה צדקה ביז דז זיך אייבר איין מולט בויגט דער בעל חלומות אין איינר נכט אונ׳ ער קם צו אינן וויא ואר אונ׳ זגט אין ליבי ברוידר אונ׳ קינדר איר ויגדט קיינן אין דיזם לנד אונ׳ אויך ניט אין ארץ ישראל דען נויארט איר מויזט ציהן אויבר דיא בך סַמְבַּטְיון, דער איין גנצן וואוך ניט רוט דען אם [a26] שבת. דער דא וויל אין דער וואוך אויבר ורין דער ור זינקט אין דיא בך עז זייא גלייך גוי אודר יוד לְהַבְדִיל דען ער ווערפט שטיין אויף בון זיינם גרונט אין דיא היך אונ׳ צו ברעכט דיא שיף אונ׳ אלז ווז דארויף קומט. דא מויזט איר איינן הולן פון דינן שְׁבָטִים דיא דא זיין דא הין ור טריבן ווארדן דיא זיין בעלי שמות. דען דיא ווערן אויך קומן צו הוילף. ווען דז גולת [!] ווערט איין ענד נעמן זא ווערדן זיא אונז אויך צו הוילף קומן אונ׳ זיא הייסן די בני מושיעים אלז דער פסוק זגט ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו דז מיינט זיא ווערן העלפן אונז אין ציון צו ריכטן גוג מגוג דען זי קוינן ניט אויבר ורין דען [!] בך סמבטיון. דען ער ווערט זיא וויזן גאט ית׳ שמו איין וועג דז זיא ווערן גין אויף דיא טרויקניס דז זגטן זיא צו דעם בעל חלומות די ווייל אונז גאט ית׳ שמו וויל העלפן מיט איינם רוטן יודן ווארום כוט אונז גאט ית׳ שמו ניט איין צייכן דז ער אין אונז מכט העד קומן דז מיר ניט דוירפן הין ציהן אונ׳ מחלל שבת צו זיין דא

ענטוורט אין דער בעל חלומות עז איז וואר איר הוט רעכט אבר איר [b26] זייט ניט ווירדיק דז אויך איין צייכן זול גישעהן אונ׳ דז זיך זוילט ור ענדרן זיטן דער וועלט פון אייארט וועגין דז ער אין זוילט מכן הער וליהן. דא זגטן זיא צו אים ווער וויל ציהן אונ׳ מחלל שבת צו זיין. אונ׳ העט דען קיין חלק לעולם הבא דארוים. דז אין דיא רוטן יודן ריכטן וואירדן אונ׳ דער זיך זעלוורט אוים דען הלז טוט ברענגאן איז שווערליך צו קומן אין דז גן עדן.

דא זגט דער בעל חלומות ווידר דז לווט ביזורגין דיא בְּנֵי מושיעים. וויא זיא עז ווערן מכן מיט אים. זא לווט עז גישעהן. אונ׳ זיא זגטן אל גלייך אזו שיקטן זיא נוך דען בעלי עֵצוֹת אונ׳ דז זיא זוילטן איינן אויז זויכן דער דא זוילט ציהן דא וורן זיא אל רוטן אויף רבי מאיר דער וור איין גרושר לערנר אונ׳ וור איין ורומר מאן אונ׳ ער הט שטעק גידינט קהל לטובה אונ׳ זיא גבן אים צערינג גיבויגן אונ׳ דרייא ורומן רבנים מיט אים.

אזו צוגן זיא אין גאטש נמן אונ׳ גירייכטן אן דעם [דער?] בך סַמְבַּטְיוֹן [a27] אן איינם דינשטג אבט טג דר ואר דז דז יאר אויז וור. דז אין דער מוינך גיזעצט הט אונ׳ זיא וורן וורטן בייא דער בך סמבטיון ביז גען שבת אונ׳ רבי מאיר זעצט זיך אויף דז שיף אונ׳ ער שפרך צו זיינן ברוידר ליבי ברוידר וורטט היא ווארום ווען מיר אל מחלל שבת זיין עז איז גינויגן מיט מיר אונ׳ מוז וואגין דז זיא מיך ריכטן ווערדן. אזו בליבן זייני ברוידר אויבר דער בך אונ׳ ער צוך הילייך [!] הנויבר אונ׳ ער קם אם שבת צו זיא אונ׳ זגט ער העב בריף בון ישראל אונ׳ אזו בלד ליסן זיא אין איין תפיסה ווערפן דארוים דז ער מחלל שבת הט גיוועזן אבר זיא ליזן דיא בריף אויף טון דורך דיא מיט אין הנדלטן אונ׳ זיא שטעלטן אין קארן אונ׳ זיא גבן אינן פפעפר ווידר אן דיא שטט. אונ׳ דא דיא ור נמין דיא [מיינונג דעז בריף אונ׳ דז אזו איין גְזֵירָה ור הנדן וור אויבר אירי ברוידר דא ליזן זיא אין אויז דער תפיסה אונ׳ שפרכן ווער וויל אונטר

אונז דען שבת ואר דריגגין. אונ׳ זיא וואורפן גרול [!] אונטר זיך ווער דא זוילט ציהן דא ויל דו גורל א׳יף איינן דער היש בן דער וור אליס אונ׳ היגגקטיג.

דא שפרכן זיא צו רבי מאיר אנטפיט דו [b27] דיינם ווייפה ווז דו ווילט [!] אונ׳ דיינן קינטר דען דו זולשט ניט ווידר מחלל שבת זיין אונ׳ דו זולשט בייא אונז היא בלייבן אונ׳ לאז דיין ווייפה איין ורומי אלמנה ואר זיצן דען דו דרפשט איר קיין גט ניט שרייבן. אויך מוז דיזר בן זיין ווייפה לוזן ואר זיצן דען זוילטן מיר וורדן [!] ביז אויבר עכט טג דא ווירט דיא צייט אויבר גין עז נעם איין איטליכר איין אגדר ווייפה. אונ׳ לאז דיא אלמנה אזו זיצן דיא וויל עז גאט ית׳ שמו אזו וויל הבן.

דא אנטפוט רבי מאיר שליח צבור היים אלז ווז אים איבן וור אונ׳ אז אייך היגטן נוך שרייבן וויל אי״ה. אונ׳ דז רום יודלן זעצט זיך אויף דז שיף אונ׳ פור אויגר אונ׳ וניט דיא דרייא רבנים זיצן דא דר שרקין זיא זער דז זיא רבי מאיר ניט זהין אונ׳ זיא ורויגטן וואו רבי מאיר ווער. דא זגט ער אין אלי זך. אונ׳ דיא דרייא רבנים דר שרקין אונ׳ זגטן וויא איז דז מגיגליך דז אזו איין קליין היגגקטיג מענכין וויל בישטין ואר דעם מוינכן ווז הוט רבי מאיר אונז גיטון וויא הוט ער דוך כל ישראל אוים איר לעבן גיברוכט.

אזו גינג דז קליין מענכין [a28] אים הינקן אונ׳ ויא גידוכטן זיא מויזטן עז פוירן אונ׳ אין דען וועג ווייזן אונ׳ אזו גינג עז פויר אין הין אונ׳ קם אין צווין טגין אונ׳ אין צוואר גבטן אויף דז אורט דא זיא הין וולטן דען עז הט קורצי וועג אויז גיזויכט. אודר הט ווז מיט שמות אויז גיריכט. נון עז וור דער טג אונ׳ דיא צייט דיא דא גיזעצט וור. אונ׳ דיא יודן וורן אים גרושן לייד אונ׳ זיא וורן שרייאן רבי מאיר רבי מאיר ווז הושטו אונז גיטון וויא הושטו דיך זעלוורט אוים גיברוכט פון אונזרט וועגין

אזו וורן זיא שרייאן אונ׳ וויינן ביז דז זיא קמן צו דעם אורט דא דז זולט זיין דען דער מוינך הט זיא גילאדן. דז זי זיך מוזטן שטעלן אויף דען זעלוויגן טג אז זיא נון דז

קליין מענדליין זהין דא וורן זיא מער טרויאריק דזן זיא רבי מאיר הטן גישיקט אונ׳ דז ער אין צו וועגין הט גיבּרוכט אזו איין הינגקטיג מענכין אונ׳ קליין אונ׳ דז ער זעלוורט ניט קומן וור. דען זיא וואושטן ניט וויא אודר וועןאונ׳ זיא גידוכטן אלמעכטיגר גאט וויא קאן עז גיזיין דז איין קליין מענכין קן בּישטין פויר איינן זוילכן מוינכן דער אזו שטרק איז. אונ׳ אזו גרוש איז אונ׳ מיט צברייא אונ׳ שֵדים אוים גיט.

[28 b] אזו כעט מן זיא אויף איינן גרושן פּלאץ אונ׳ דיא יודן שדונטן אונטן הרוים אן דעם פּלאן אונ׳ דיא אנדרי ועלקר אובּן דען עז וור איין גיבּויא גימאכט אובּן אונ׳ אזו בּליט וועןדיא יודן העטן ור לארן וואלט דער מוינך זיא אל גיטויט הבּן. דען עז וור אלזו ור בּונדן ואר דעם מלך גון שטעלט זיך דער מוינך גיגין זיא אונ׳ שפּרך וויא טרייבּן דיא יודן איר גישפּוט אויז מיר וז געבּן זיא מיר צו קוינשטן מיט איינם קליינן ציטרכן מענכין. דז דר שראקן כל ישראל. זער אבר דיא שלוחים די דא הכן גיזעהן דז עז זיא הט גיפוירד איינן קליינן וועג דיא שריאן אין דעם פּלאן אונ׳ שפּרכן דו צייבּרר דו הושט גיוויש נוך ניט מור־גין גיזעהן עז ווירט דיר דיא וועלט נוך צו ענג מכן.

אזו ורישטן דיא יודן ווידר אן וויגציק בון ריד דער שלוחים.

נון הוב דער מוינך אן אונ׳ בּישוואור אלי שֵדים דז זיא אים זוילטן בּרענגאן איין גרושי שטעלן שטנג דען ער מיינט ער וועלט דז יודלן מיט צו טוט שלגין. ער נם דיא שטנק [!] די דא וור אלזו שוועד דז זיא ניט איין גנץ העד קונט דר טרגין אונ׳ ווארף זיא מיט קרפט דער שֵדים אין דיא ערד דז דיא ערד דארויבּר [29 a] שלוג. נון שריא ער צו דעם יודלין נון ציא זיא ווידר הרויש זוינשט דר שלגשטו אלי יודן דען דו הושט מיך צורניק גימכט. דז איך מיך אויבּר קיינן דר בּרמין עז איז גלייך אז וועןדו זיא העשט אוים גיבּרוכט. נון איילט בּלד דז קליין מענדלין אונ׳ שפּרך צו דעם מוינך מיט לישטן דו זולשט זיא ניט אזו טיף אין

דיא ערד גיוואָרפֿן הבן וויא קיין [!] איך זיא דען הרויש לנגאן. נון בלט הט עז איין לעגיל מיט וושר בייא זיך אונ׳ וור זיך רייניגן אונ׳ וועשן דיא הענד אונ׳ שפרך זעבט איר ליבי ברוידר יודן אונ׳ גוים לְהַבְדִיל אונ׳ היידן זעבט וואל דארויף אונ׳ שפרך דז מוינך וויא ווערשטו ואר מיר קוינן בישטֵין. איך זג דיר ווז וואל בעסר ווז אונטר דער ערדן איז אז דו. ווז הושטו דיזי שטנג אונטר דיא ערד גיוואָרפֿן אונ׳ איך וויל זיא אונטר דעז קויניגש שטול ווידר הרויש ציהן.

דער קויניג וור זיך ור וואונדרן דעז רֵיד דעז יודלין אונ׳ זך דז עז נם מיט איינם קליינן ויגגארלין אונ׳ גרוב איין לוך אונ׳ צוג זיא הרויש און אלי מויא אונ׳ וואורף זיא אין דיא הֵויך. דז מן זיא קום ארזֵיהן קונט אונ׳ ליז [29 b] זיא אין דער לויפטן שטֵין שפרך צו דעם מוינך נון לנג דו זיא איך הב דיא ניט ור בורגין לנגשטו זיא ניט זא זול אידרמן זעהן דז דיין הייבט הויט זול שטעקין אן דער שטנגאן גר שון. אונ׳ וויל זיא טרייבן אין דיא וואושנייא. דא נוימר מער קיין מעניש הין קומט. אונ׳ דו אונ׳ דייני לערנר ווערן קיין מכט אויבר מיך הבן.

דא וואלט דער מוינך מיט זיינן קוינשטן דיא שטנג לנגאן אבר ער קונט ניט. עז הט זיא אזו אין די הֵויך גיוואָרפֿן דז קיין שד דא קונט שוועבן. אונ׳ ער קונט דז ניט אונ׳ וואור מיט שנדן בישטֵין. דא זגט ער צו דעם מענדליין. מיר וועלן איין אנדר קונשט ביווייזן. אין דער וואַרטן דז ער זוילט דער שטנגאן ורגעשן אונ׳ מכט זיך אבר צווייא מויל שטיין ברענגאן. דא זגט ער איך הון זיא בישפן אונ׳ גינג בליד אונ׳ צו בליט זיא. צווישן דען הענדן. גלייך אז מעל צו מלין איז אונ׳ שטויקליך ליימן. אונ׳ קלך.

דא ענטוורט אים דז קליין יודליין דו זגשט [a 30] דו העשט זיא בישכן. עז איז מיר קיין וואונדר ניט דז איך זיא ניט בישפן קאן. דען ווארוים איך בין קיין גאט. אבר איך הואף צו דער הוילף גאטש דז איך זיא מיר וויל אך בישפן אזו. נון גינג עז הין מיט זיינם גינעט. אונ׳ מכט איין ווינט

# מעשה

# גבורת ה׳

פאן איין גרוס נס וואס יודן איז געשעהן וואס
זייא זענן ניצול געווארן פון איין שלעכטן גלח
דארך ר׳ מאיר וואס האט גימאכט אקדמות
און דארך איין רוט יודל אונטר דעם סמבטיון ·

דאס איז איבר גיזעצט פון לשון קדש
אין איז לייטר אמת :

בלבוב

דער שער פון דער געשיכטע פון ר׳ מאיר, אי[illegible]
(לעמבערג, אָן אַ יאָר).

קומן. דער זוילט אלי ברויקליך צו אנבדר וועאן. דען וור עז נויארט דר צו בלושן דא וורן דיא ברויקליך צו צווייא טייל אז וועז איינר איין ליימן טעט קנעטן אונ׳ מכט צווייא שטיין דארויש ויל גרוישר אז דער מויניך בידייט הט. דען דער ווינט הט אים איין גרושן הויפן דא רונטר גימוישט. אלזו בליט נם עז דיא צווייא מויל שטיין און אל מויא אונ׳ צו מליט זיא און אלי מויא אז איין שטוב אונ׳ מכט איין ווינט קומן אונ׳ ליז זיא דער ווינט טרגין אויף דיא היך צו דער זעלוויגן שטנגאן. דא זך אבר אידרמן דז עז זיא ניט קונט גירייכן אודר לנגאן מויכט אונ׳ בישדונט אבר מיט שנדן.

דא שפרך דז יודלין וויא לנג זול איך נוך בויא מיט דיר הבן דו קנשט ניט בישטין גיגין מיר. נוך וויל איך אך עטליכי קוינשט טון. טרייב דו זיא נון הין וועק אודר [30b] מך זיא קומן. דא וויל איך מכן וייאר ולמין פון דעם הימל הירב לעש דו עז אויז. אודר צוינט עז אן זא וויל איך עז אויז לעשן.

אלזו בלד גידוכט דער מוינך ווז ואר איין קונשט איז דז. איך וויל עז וואל אויז לעשן. אלזו בליט מכט דז יודלין איין גרוש וייאר הירב שיסן ווינדט זיך אלז איין שלנג אלז ווען עז ור ברענד דיא וייאר אים ועלד אונ׳ דז קרייס [!גראז] אונ׳ די קרייטר אונ׳ ור ברענד דוך ניט. דז נם אידרמן וואונדר. נון שפרך דז יודלין צו דעם מוינך לעש עז נון אויז. עז הוט לנג גיגוג גיברענט. נון ברוכט דער מוינך פון אונטן אויף איין קוואל דער שוס אויז דער ערדן אין דז וייאר דז עז זוילט בילין ור לעשט זיין. דא גינג דז וייאר אויבר זיך אין דיא הויך אונ׳ ור ברענד דז וושר אונ׳ ברענד ויל בעשר דען ואר.

נון זגט דער מוינך איך ווז [!ווייס] עז ניט אויז צו לעשן. דא זגט דז קליין יודלין לוז עז נוך איין קלייני וייל ברענן. דז עז ור ברענד דען ברונן [31a] דען דו אויף גיברוכט הושט. דז דיא לויט ניט זגין דו זיישט גאט אונ׳ הבשט דיזן קוול בישפן אבר איך זג דירש דו זולשט בלד נוך הימל ורין אז די קוא אין דז מויז לאַך. הושטו עטווז צו שיקן

איף יענר וועלט מגשטו בישטעלן. ניט גידענק דז דו דיך וואָלט בישירמן מיט דיינן קוינשטן דען דו קיינשט קייני מער. דען איך הב דו וייאר אובן פון דעם גַלְגַל הירב גיברוכט. איך הב זיא אל וואל זעהן שוועבן אונ׳ דא הב איך זיא ור ברענט.

דא זך דער מוינך אויבר זיך אונ׳ זך קייני מער בון זיינן לערנר דא ור צייגט [!] ער גנץ אונ׳ וואורד בלייך אונ׳ ציטרט אונ׳ באט דז יודלן איך וויל דיר גערן דינן לאז מיך לעבן.

דא זגט עז איך וויל דיר דיין לעבן ניט נעמן. איך וויל דיך צו מולט ניט אן רוירן. וויא וואל דז דו אזוי ויל בון מיינן ברוידרן הושט דער שלגין. איך וואָלט דיך ביליך טויטן מיט שווערי מיתות משונות.

נון גינגעט דז יודלין צו דעם וייאר אונ׳ שפרך זעכט צו וואו מיט דז די לויט וייאר אן מאכן. זא וויל איך עז ור לעשין. אבר דער מוינך הט עז ניט קוינן אויז לעשן. מיט וושר, נון [31 b] בלוסט עס איין בלוס. אין דז וייאר איין גרושי בלוס. מיט זיינן בקין. דא לענקט זיך דז וייאר אין דיא הויך אונ׳ גינג אויף אנטפור אונ׳ זיא זהן ניקש מין. דען גויארט דנפפא אונ רויך. אונ׳ קיין וייאר מער דען עז וור לנג אוועק גישוסן הין אויף זיין אורט דא וילן זיא אל אויף איר ענצליט.

נון שפרך דז יודלין ווז זול איך ויל קוינשטן איך מוז זעהן דז איך ור טרייב דיא שטנג אונ׳ דיא מויל שטיין דיא דא שטֵין אין דער הויך דז דיא לויט ניט זגן דז זיישט גאט גיוועזן. נון זגט עז צו דעם מוינך דיזר הוכר בויאם איז דיק. ער איז נוך ניט אב גיהקט ווארדן זידר נת דיא לאד הוט גימכט דא הקט ער אין אב זידר איז דיזר אן דיא שטט גיוואקשן. איך וויל אין ביגן צו דער ערדן. אונ׳ הלט דו אין נידר וועז איך אין גיביגט הב אייף דיא ערד. דז ער ניט ווידר אויף שנפפט. אודר איך וויל אין הלטן אונ׳ ביג דו אין.

דא בידוכט זיך דער מוינך אבר ווידר צו קוינשטן [32 a] דורך זיין מַעֲשֶׂה שֵׁדִים. אבר ער זך קייני מער אונ׳ שרייא

אונ׳ יאמרס אין זיך זעלוורט. אונ׳ שפרך וויא הט איר מיך ור לוזן איר ליבי מיינשטר דא שפרך אבר דז יודלין ווז זול דז וויינן זיין איז דיר דיין וטר אודר מוטר גישטורבן מיט גישפויט. אבר דעם מוינך גינג קיין גילעכטר איין. ער העט גיוועלט ער ווער לנג טוט גיוועזן. דען ער וואושט דיזן שטרקן בויאם ניט צו ביגן. דא וואורד ער אבר שרייאן דא שפרך דז יודליין ווייז [!] זוימשטו דיא לייט היא לנג צו שטֵין זג ווז קנשטו זג ווילטו אין הלטן דז ער ניט אויף שנפפט דא ביטרויא איך צו גאט ית׳ שמו צו זיינר קרפט אין צו ביגן. דא שפרך דער מוינך זא ביג אין זא וויל איך אין הלטן דז ער ניט זול ווידר אויף שנפן.

דא ביגט דז יודלין דען בויאם וויא מן איין קליין שטעקלין ביגט ואר אייגן אידרמן. דא זגט דז יודלין נון הלט אין דז ער ניט ווידר אויף שנפט. דען איך הב אין גיביגט. דעם מוינך וור זיין חֵלֶק יוא ניט וואל אונ׳ וואלט ניט קומן.

דא שרייא דז יודלין הוך גיברונר [!] קויניג אונ׳ אלי דיא הערן זעכט ווז דז ור איין מאן איז [ס 32] פון אובנט טויאר צו קוינשין. שעמט זיך דער מויניך דען זיין זין איז ואר ניט אזוי גיוועזן. דז איך אין העט קוינן נידר ביגין דארוים זגט ער איך וויל אין הלטן דז ער ביט אויף שנאפן זול. אזוי וויניג אז ער אין ביגן קאן אזו וויניג קאן ער אין הלטן זא הוט ער גידוכט. אבר דא ער הוט גיזעהן דז איך אין יוא הב נידר גיביגט דא קומט ער ניט דז ער אין הלטן וואל. אונ׳ עז טעט אים יוא שנדאן. דא מוזט ער גין ווען ער יוא זיין מִיתָה ור אים זך. אונ׳ פון וועגין גרושר שנד גיגעט ער צו דעם בויאם

דא שפרך דז יודלין ניט רויר מיך אן אונ׳ ביגרייף דז דען בויאם שטרק אונ׳ רויר מיך ניט אן אונ׳ שרייא זעכט אוב ער אין הליט. ווען איך אין גין לוז. דער מוינך ביגרייף אין הערט אונ׳ דז יודלין ליז אין גין. דא שנאפט דער בויאם אנטפור אונ׳ שמיצט דען מוינך מיט קרעפטן דז ער אים דען קופפא אב שלוג אונ׳ אידרמן זך דז ער ולוג אין דער הויך מיט גרושן קרעפטן אונ׳ בלייב שטעקין אז

דער שטנגאַן. אונ׳ דער לייב קם צווישן דיא צווייא מויל שטיין אונ׳ די מויל שטיין ליפן [33 a] הרוים אן דר שטנגאַן אונ׳ ולוף מיט אים אלז אין דיא וואוישטנייא וויא דז יודלין הט ואר גיזגט.

נון הוט אונז גאָט ית׳ שמו דר לויזט אונ׳ כל ישראל אונ׳ דער קויניג יעגדרש מערטן בון לנץ אונ׳ אנדרי קויניג אונ׳ אלי דיא ועלקר דיא זהין אלי די וואונדר אונ׳ דר נוך גינג איין איטליכר אין זיין הויז מיט מנוחה. אונ׳ מיט ורייךן דז זי זיך ניט דורפטן פוירכטן ואר דעם מוינך. אונ׳ דער קויניג אונ׳ אלי ריכטר דעז קויניגש אונ׳ אלי ועלקר ורן דען יודן זער גוט גיוואָרדן דורך דיא וואונדר דז יודלן דיא עז גיטון הט.

נון קם רבי מאירש ווייפה צו ורויגן דז יודלין אונ׳ דיא שלוחים וואו איר מאַן רבי מאיר ווער הין קומן אוב ער גישטורבן ווער דז ער ניט קומן ווער. דא זגט איר דז יודלן אלז דיא זך וויא אין די בני מושיעים ניט הבן וועלן רשות געבן צו זיין מחלל שבת במזיד אך הבן זיא מיר ניט וועלן רשות געבן ווידר היים צו ציהן איך מג איין ווייפה נעמן אין דיזם לנד אונ׳ דו מוזט איין אלמנת היא ור זיצן אל דיין טג ער העט דיר גערן איין גט גישיקט זא הוט ער ניט דורפן [33 b] שרייבן אם שבת דז ער אויבר ורן איז דיא בך סמבטיון דז איז דיא צייט דא גיוועזן בון דעם מוינך דז איך מיינם ווייפה אך קיינן גט ליז, אונ׳ עז וור שול צייט אונ׳ אלז דז ער אנטפוטן הוט דז וויל איך אין דער שול זאגן ואר כל הקהל הקודש.

אונ׳ זגט דז יודלין אזו הוט אויך רבי מאיר שליח צבור אנטבוטן ער הוט בון אויארט וועגין מוזן ור לוזן ווייב אונ׳ קינד אונ׳ אלי זייני ברוידר אונ׳ דז ווייפה בידרף דז מן איר שפייז זול געבן דא הוט ער אויך לוזן ביטן איר זוילט איר גוטש טון אונ׳ זוילט דז ווייפה טרוישטן אונט שפייזן. אונ׳ דיא טוכטר אויז געבן איינם תלמיד חכם אונ׳ אֵי איך נון בון הינן אוועק גיצוגן דא איז ער מיין איידם וואָרדן דען איך הב אים מיין טוכטר געבן.

דא ענטוורדן כל ישראל וז איז בילּיכר צו טון איין דער גנצן וועלט. אז דז דען דער צדיק אונ׳ חסיד הוט גיוואגט זיין לייבה אוג׳ לעבין פון אונזרט וועגין זולטן מיר דען ניט זיין ביט ביוועדן ווען ער שון איינם איטליכם [a34] איין גליט בון זיינם לייפה העט גיהיישן עז וועֶר אים וואל בילּיך צו געבן אונ׳ ניט צו בויר זגין אבר אונז דויכט אך בילּיך זיין איר זוילט גינוד טון מיט דיזם חסיד אונ׳ צדיק אלז ער מיט אויך הוט גיטון. אונ׳ הוט אייאר טוכטר גינומן דז איר דען זיין טוכטר ווידר נעמט דען וואו קיינן מיר איין קוישליכרן [!] מענשן גיפינטן אז איר זייט. דא זגט ער יוא דז ורייאט זיך רבי מאירש ווייפה צו דיזם איידם דז זיא הורט דז ער יוא זגט. אזו בליד קם זיא צו אירר טוכטר אונ׳ זגט דיין וטר הוט דיך וואל בישטט מיט איינם תלמיד חכם. אונ׳ זגט איר אלז וויא עז צו גנגאן וור. אזו וואור דז יודלין במזל טוב איין חתן אונ׳ דער טג וור ערב שבועות. דא זגט ער אזו ער הוט מיר לְוָיָה גיטון. אונ׳ אים גִין הוט ער איין זֶמֶר גימכט אויף זיין נמן. אונ׳ הוט מיך גיבעטן אויך צו ביטן איר זולט אין בון וועגין זיינש נמן זגין. דא איז גיחתמנת. רבי מאיר בר רבי יצחק גדול בתורה ובמעשים טובים אמן חזק ואמץ.

דז איז גליך [!] דז איר אין [b34] בון וועגין זיינש אונ׳ בון זיינש נמן זוילט זגן אונ׳ דז זיין נמן זול ווערדן גידוכט צו גיבוירד. אלז איך דען זֶמֶר היגטן נוך וויל שרייבן אי״ה אזו הטן זי זיך אויף זיך מקבל גיוועזן דז זי אין וואלטן זגן. דער זמר היבט אן אקדמות מילין דז זגט מן אלי וועגן אם ערשטן טג פון שבועות אונ׳ מן זול עז ווישן צו אלן גיבוירד דז גישיכטניס אונ׳ ווערק דז דא איז גישעהן מיט אים אונ׳ זיינם גיבוירד דז ווערט איינם איטליכן זיין הערץ דר ורייאן. אונ׳ ווערדן אויך זיין ווירדיק אנדרי גינוט גאטש צו הלטן אונ׳ פון אים ווערט איר הבן איין גוטן לון. אונ׳ דז איז דער זֶמֶר דען מן זגט דִין ער הוט גימכט אזו זוילן מיר אך זיין ווירדיק צו דר גאולה דז גאטש וויל. אמן וכן יהי רצון.

סליק סליק סליק.

[פאַלד נאָכדעם, ביים אָנהייב פון ז׳ a35, הייבט זיך אָן
אין דעם כתב־יד אַן אַנדער מעשה]

## איין שין וואונדרליך מעשה

דז גוויש גשעהן איז פון איין גליק ראד פון איין מינך פון עכ"ום אונ' פון איין רוטן יודן אונ' ווארום מיר אקדמות זאגן, איצונד אין אונזר טאגן, אויך האט עז טאן ביסן איטלכן בוונדר, איין שטים קאם פון הימל מיט גרושי וואונדר, דז מן האט אויז גזאגט אונ' שפראך ישראל זייט ב"ייט, אונ' זייט אנטפנגן אויף איך מיט פרייד, אז דיא תורה דיא איז בייא אייך איין אייד, אן ערשטן טאג פון שבועות, זאלט איר זאגן אקדמות, אזו ווארן זיא עש אנטפנגן אויף זיך מיט פריידן, אונ' די זאך איז ביז דיזם טאג גבליבן אונ' מיט דיזי וירדקייט ווערט גאט ית' גדענקן זיין זיכרהיים, אונ' ווערט אונש אונזרן ליבן משיח בלד שיקן אמן.

נדפס פה קק פירדא

בשנת תנד לפק

בבית הקצין האלף ומנהג הקהילה והמדינה כהר"ר צבי הירש בן הר"ר יוסף לוי זצ"ל.

[b1] אמר ער זאגט רבי מאיר חזן פון דיא טייטשן אים יאר דאז מן צילט הונדרט אונ' איין אונ' זעכציג דא וואר איין גרוש פר טומלונג אונ' און גליק, האט גאט ית' אין דיא וועלט גשיקט אין טעגן איינש קייזר אונ' קיניג פון פיל לנד: טייטש לנד, וועלש לנד, פולין לנד, פיהמיר לנד, רייסן לנד, אונגרין לנד, דאז מיינשט טייל פון דיא טירקייא. דער זעלביג קיניג היש מארטין דילאנץ דז אין זיין צייטן דאז גליק ראד גמאכט וואר אונ' אויך ווידר פר שטערט וואז אז איך אייך וויל לאזן ווישן דאז אנפאנג פון דיזי זך אונ' דאש אויש גאנג.

עז וואר אין זיין צייטן איין גרוש צייברייא אויף דער ערדן ביז זיא אל צו הייפף קעמן אונ' לוישפרר דער שדים אונ' איר ריימיר אונ' מכטן דארך איין גרוש צייבירייא איין ראד. דאז היש מן דאז גליק ראד דאז וועד דא גליק האט דער קאנט דרויש לערנן דארך די שדים וואז קונשט דאז ער בגערט אבר לון דיז שד וואז. עז זאלטן זיך אירר צעהן דרויף זעצן אונ' איין פון דיא צעהן וואלט ער פר זיך זעלבט נעמן אונ' מיט אים שפילט ער

נאך זיינם לושט אונ׳ בגער דיא אנדרן ניינן לערנס ער וואז זיא בגערטן זא וואדרן דער שוליר אונ׳ קונשט אין דיא הועלט ביז דאז צו דעם לעצטן איין יוד בגערט צו לערנן אונ׳ צו זיצן אין דאז קונשט ראד מיט אנדרי ניינן דען זאך דער דאזיג גזעל דאז דער טייביל קאם אונ׳ וואלט זיך איין אויז קלויבן פון דיא צעהן אונ׳ גינג הרום אין דאז גליק ראד ביז דעם יודן וואז צווייבלן אונ׳ גדוכט וואז טוא איך דוא וויל איך מיך דען גערן דעם טייבל אין דיא מכט ג״בן אונ׳ דיא וועלט אונ׳ יעני וועלט פר לירן. ביז דז ער פר אנגשט אן הוב קריאת שמע צו לייאנן אונ׳ דאש קאן דער טייביל ניט צו הערן אונ׳ אים צארין ער דאש ראד צו בראך אונ דער שלוג דיא ניין גוים אזו וואר נון גמערט קונשט אונ׳ צייבירייא אין דיא וועלט, אונ׳ מעכטן [!] פר זיך זעלבשט שלעסיר אונ׳ קלוסטר אונ׳ זאשן דינן. דען זיא מוזטן פארכט האבן פר דעם קיניג לייכט גראט איר קונשט ניט אודר ער ליש זיא אים שלאף טיטן.

דא ריגגירטן זיא יענש מאל אין דיא וועלט דאז מן ניט וואושט ווער עז וואר, זיא מכטן צו זיך ברענגן אלי שונשטי ווייבר אונ׳ מיידן דז זיא וואושט, אונ׳ עטליכי מאכטן זיך גלייך אז מיט לנגי קוטן [a2] אונ׳ דיא גרישטן צייברייא דיא דוא ווארן.

אין דער זעלביגן צייטן קאם איין מינך פון עכו״ם, דער האט זיך גערן אן דיא יודן גראכן, אונ׳ ווען ער נייארט איין יודן זאך זא קאנט ער פר אים ניט לעבן. ווען ער אין נייארט אן רירן טוט וואו אן זיין שטירן. אודר ער גאב אים איין שלאק. אודר אזו איין שנעל. זא גינג ער נייארט היים אין זיינם הויז. אונ׳ ליגט זיך אונ׳ שטארב. אזו מיטט ער דרייסיג טויזנט אונ׳ אכט הונדרט אונ׳ זעכציג. ביז דאש דיא חכמים צו הויף ווארן גין אונ׳ זאגטן מיר מוזן דאך אלי שטערבן פון דיזן מינך וועגין. אונ׳ ווארן זיך אזו ביראטן אונ׳ גינגן קלאגן עש דעם קייזר.

דען שיקט דער קייזר גלייך נאך דעם מינכן. זוא קאם ער צו גין פר דעם קייזר. אונ׳ שפראך הוך גבורן אידלר קייזר אונ׳ קיניג. וואז אישט אייערן בנאר. דאז

איר פון מיר בגערן טוט. דא שפראך ער דיא יודן קלאגן דייגר וויא דוא אזו גאר מורטליך פיל פון זיא האשט גטיט. זא שפראך ער וואז זיין דיא יודן, זא שפראך דער קיניג זיא שטענן היגטר דיר, זוא וועגט. ער זיך אום אונ׳ זאך זיא אונ׳ זאגט צו זיא וואז טוא איך אייך. דיר איך אייך דען ניט מער אז אזו אן. אונ׳ רירט אירר דרייא אן פון זיא. אונ׳ צוך אין אירן קרפט אויש אונ׳ גינגן בייארט היים אונ׳ שטארבן. זא שריאן זיא צו דעם קיניג זיין מיר דיר שולד׳ג צו טיטן. זא לאז אונש טיטן דארך דיין רעכט. אונ׳ ניט דארך דיזן מינך. דען זיא פארכטן זיך דאז דער קיניג ניט צו האלטן ווערט מיט דיזן מינך דער וויל דאז ער זיא אום בראכט פור דעם קיניג אונ׳ גידאכטן ער ווערט אונז אלי הינן פר דען קיניג אום ברענגן.

זוא שפראך דער קיניג צו דעם מינכן זיך בייא הולדא מיינר קרון. מך מיר דיא דרייא יודן ווידר גזונד. אונ טוא מיר קיינם ניקש מער. בישטו דען אנדרשט גהולדיג אונ׳ גיפאלגיט מיינם גבאט. זא ענפרט דער מינך איך בין גערן אין דיין גבאטן צו פרידן אונ׳ וויל זיא ווידר לעבן מכן אונ׳ אין קיינם ניקש מין טאן. איז אך דאז זיא מיר איין יוד אין איין יאר צו שטעלן טואן דער מיט מיר קונשטן מאכן. איז דען ניט זא דער שלאג איך זיא אונ׳ קיינם לאז איך איבר בלייבן. איך טוא עז ניט פון וועגן מיינר ער. נייארט אום וועגן איין [b2] פיינטשפט האב איך צו זיא גאר פר לנגי צייט. פון וועגן אונזרן קליג ראט, איז דאז זיא זיך בווילגן צו דיזי זך. זא וויל איך גבאט דיין גבאדן הלטן. איז עז דען ניט זא וויל איך זיא אלי טיטן. זאלט איך לייכט אך גטיט ווערן.

זא זאגט דער קיניג ער זאלט אב טרעטן. זא טרעטט ער אב פון פאלש דז קיניג. דען רופט דער קיניג דיא יודן אונ׳ שפראך ליבי לייט וואז קאן איך אים דרויף ענטפרן קונט איר דאז בנוגן זא וויל איך אים דאז זאגן. זא ווערט ער דער הארין ביז דאז יאר הרום קומט. דען אזו בלד ענטפרטן דיא יודן מיט פארכט אונ׳ ציטרניס מיר וועלן בייארט איין יאר ציל האבן. דען זיא גערדאכטן פיל לייכט ווערט ער דען טוט דאש יאר איין נעמן. אונ׳ דא ארויף

וועלן מיר פסטן אונ׳ תשובה טאן. דא ליס ער רופן דען מינכן אונ׳ זאגט זיא וועלן אים אין איינם יאר איין שטעלן דער מיט דיר קונשטן קאן נייארט דוא זאלשט שווערן דז דוא ניט ווילשט פר דיא צייט אן זיא ברעכן אזו שווער ער. אונ׳ זיא שיידטן זיך דען קאמן דיא יודן היים אונ׳ וואר פסטן מיט תשובה תפלה צדקה. אונ׳ איין זק פון ערד ווארן זיא אן קליידן פון קליין ביז צו גרוש. אונ׳ שיקטן אויז אזו ווייט דיא יודן דאש זיא זאלטן פר זיא ביטן. און אויף דען מינכן טוט דער אונז אל בגערט צו טיטן. אזו ווארן זיא פסטן איין גאנץ מאניט מיט תשובה תפלה צדקה. אזו ווייט אז עז דיא יודין וואושטן.

אזו וואר איין לערנר אין זיינם לערנן קאמיר אונ׳ וואר איבר זיין לערנן אנטשלופן. אזו אנטריימיט אים אונ׳ זונשט אנדרי מער. וויא איין גרושי פינשטרניס קעם אין דיא וועלט. אונ׳ דער עולם טרייבט איין גרושן צער דריבר. אונ׳ דער נאך צו בראך איין ליכטן שטערן דארך די פינש־טרניס. אונ׳ דער עולם וואר זער דער פרייד דריבר. אונ׳ דער נאך קאם איין גרושר בער. אונ׳ איין קליין ציקליין. אונ׳ שלאגטן זיך מיט אננדר. אונ׳ דאש ציקליין וואר דען בערן ממית. איין זוא טרוימט דען לערנר אין דער שטאט. אונ׳ איבראל אים לנד דעם חסידים מנן. אונ׳ זאגט צו זיא דער איבר דיא טריים גזעצט איז. איר ליבי קינדר איר זייט ביטן אום זונשט אויף טוט דאז מינכן. ער שטירבט דאז יאר [a3] גיט. אבר בלד נאך דעם יאר ווערט ער שטערבן. דרום זעכט בצייטן איין גוטן ראט קיגן אים. דען גאט וויל אים זיין בושקייט ניט ווערן. דער וויל דאז אייער זינד זיין אזו גאר גרוש קיגן אים. איז אבר דאז איר אזו פרום בלייבט דאז איר האט אן גיהובן. אונ׳ טרעטט פון אים ניט אב. זוא ווערט איר פון גאט יתב׳ דער זייני אן רופר זיין ניט פר לאזין טוט. אזו איר אך ווערט פון אים גהאלפין ווערדין. דען ער שיקט נאך איינם דער קונשטיר איז. אונ׳ דער בשווערן איז דער ענגיל. אונ׳ ניט מיט כשופים. אזו קאן קיינר בשטין פון פר אים. דרום זעכט איר אייער בעשט.

דא דיא מנן ווארן אנטוואכין פון איר שלויף [!] אונ׳ גדוכטין ליבר הער וואז מאג דאז גזיין. אונ׳ וואז מאג דיזם

טריים בטייטן. ביז דאש זיא שלופן דיא אנדר נכט אבר
איבר אירי ספרים זוא קאם אים אבר דיזים טריים פיר.
דא גדאכטן זיא זיך וואז מאג דאז מיינן אונ׳ וואלטן די
מיטר נכט ניט שלופין. דען זיא גדאכטן זיך פיל לייכט
וויל אונש גאט לאזין ווישן אונ׳ צו בווארנן אונזר לייב
פון הנט דיזם מינך. אז ער האט גטאן גוטין צייכין צו
אונזרי עלטרן. אזו זאל ער אונש אויך ווייזן אונ׳ טעטן
תפלה. אונ׳ שפראכן ווען איך דאז אויז זאגן וועד אזו ווערן
עז טויזנט פר איין טריים האלטן דרום אויך איז דאז די
ליבר גאט ווילשט מיר איין וואונדר ווייזן אזו זאגט איטלכיר
זוא ווייז עז מיר אין צייט דאז וואכין. דרום דאש מיר עש
מוגן זאגן אונזרן ליבן ברודר. אוב מיר איין הילף מכטן
גפינדן דרויף. אזו דער ברמיט זיך גאט אונ׳ דער זעלביג
דער איבר דיא טרוים איז אונ׳ קאם צו זיא וואכדיג אונ׳
זאגט אין אזו איז דער בשייד פון טרוים. דיא פינשטרניס
איז דער מינך מכט כל ישראל פינשטר. אונ׳ דער שטערן
בטייט ווערט ליכט ווידר ווערן ווערט ווידר גהאלפן ווערן.
דאז ציקליין איז איין קליינר יוד ווערט ענק העלפן. אונ׳ דער
בער איז דער גרושר מינך דער ווערט אום קומן.

אונ׳ אזו באלד שרייבן זיא בריב איינר דעם אנדרן
דער דא איבר דיא טריים גיוצעט [!] איז דער האט איטלכים
אזו גזאגט איך האב דיינם גזעלן אויך לאשן ווישן דער
דא זיצט אין יענר שטאט. אזו זאגטן זיא איטלכר אין
זיינר שטאט. אונ׳ בראכטן צו [a3] בצייגניש דער דא זיצט
איבר טויזינט מייל. דער שרייבט באלד אונ׳ שיקט גוטי
באטן.

דא מערקטין אל דיא יודן דאש דיא זאך מוזט וואר
זיין. אזו שטעלן זיך אלי צו האף חסידים אונ׳ מנן פון רוט
אונ׳ קיינר וואושט ווער דא קאנט בשטין מיט דען מינכן
אונ׳ זיא גפאנדן קיין.

אזו וואר איינר אונטר זיא דער שפראך ליבי ברידר
די וויל אונש יוא גאט יתברך גווארניט האט פון דעם טוט.
מיר זאלן זיך איינן אכטן איין קונשטיר מאן. נון פינדט
מיר קיינין ניט עז מוז יוא איינר זיין דיא וויל ער אונש
האט גהיישן איינן אכטין. זוא זייט פרום מיר ועלן דרויף

זיין ביטן אוב ער אונש ליש צו ווישן ווער דער זעלביג קונשטר מאן איז אונ׳ וואו ער איז. אונ וואו זיין זיצן איז.

אזוי בלד ווארן זיא אלי הלטן צו רוט דיז חכם אונ׳ טעטן. תשובה. תפלה. צדקה. ביז דאז זיך איבר פיגט איין נאכט. זוא קאם ער צו אין אלי אז ער פאר קומן איז. אונ׳ ליש זיא ווישן אז איר ליבי קינדר איר פינד קיינם אין דיזם לאנד. אונ׳ ניט אין לאנד פון ישראל. דען נייארט איר מושט ציהן איבר דעם באך סמבטיון. דאז וויאטידיג מער דאז איין גאנצי וואך ניט רואט. אז דען נייארט אם שבת. דער דא וועלט אין דער וואכן איבר פארן עז זייא איין יהודא. אודר איין גוי. דער פר זינקט. דען ווארום עז טוט שטייניר אויף ווערפין פון זיינם גרונד גען פאר אונ׳ צו בריכט דיא שיף. אונ׳ אלי דינג עז לייט ניקש. דא מושט איר איינם הולין פון דיא שבטים דיא דא זיין פר טריבן ווארן הין. דיא זיין בעלי שימות דיא ווערן אייך קומן צו הילף. ווערט דיא גזירה איין ענד האבן. זיא זיין בהיישין. בני מושיעים. אז דער פסוק זאגט. ועלו מושיעים בהר ציון. דאז מיינט זיא ווערן קומן דיא רוטי יודן אונ׳ ווערין הצלפין אונז אין ציון. אונ׳ צו ריכטן גוג מגוג. דען זיא קאנן ניט איבר פארן דען באך סמבטיון. דער נאך ווערט זיא גאט וויזן איין וועג דאז זיא ווערן גין אויף דער טריקנים. דא באטן זיא דען טריים מן דיא ווייל אונש יוא גאט וויל העלפן מיט איין רוטן יודן. ווארום מאכט ער אין ניט קומען. אונ׳ דאש אונש איין גרוש צייכן גשיכט. [a4] אונ׳ דרפין ניט פון זיינט [וועגן] מחלל שבת זיין. אזו ענטפרט אין דער בעל החלום עז איז וואר איר רעט רעכט. אבר איר זייט ניט ווירדיג דאז אייך איין צייכן זאלט גשעהן. אונ׳ זיך זאלט פאר ענדירן זיטן פון דיזי ווערט פון אייערי וועגן. דאש ער אין זאל מכן פליהן הער. אייך אישט אייער גבירד צו זינדגן דער צו. זוא באטן זיא אין ווידר ווער ווערט ווערן ציהן. אונ׳ ווערט וועלן דאש לעבן פר לירן. אונ׳ דער צו חלק לעולם הבא. דרום דאז אין דיא רוטי יודין ריכטן ווערן. אונ׳ ער ווערט זיך זעלבשט האבן דרום גבראכט דאז זיא אין פר שטייניגן ווערן. אונ׳ דער זיך זעלבשט אום דען

הלז טוט ברענגן גערין דעם איז שווער איין צו קומן צו זיינם טייל.

זא זאגט דער טריים מאן דא זעלבג לאט בזארגן דיא בני מושיעים. וויא זיא ווערן מאכן מיט אים זוא לאזט אירש גשעהן. אוני ער טעט זיך אב פון זיא. אזו זאגט איטליכר דיזי ראט אין זיין שטט אזו זאגט דער איבר טריזנט מייל. זא וואר עז אלז אזו גלייך פיגן זא שיקטן זיא נאך די בעל עצות אוני וואלטן איין אויש קלויבן דער דא ציהן זאלט. אזו ווארן זיא אלי מסכים אויף רבי מאיר דער וואר איין גרושר לערנר אוני איין בידר מאן. אוני האט גערן שטעץ דעם קהל גדינט לטובה. אוני גאבן אים מיט צערונג גיבוג. אוני דרייא פרומי קנעכט רבנים. די מיט אים ציהן.

אזו ציהן זיא אין גאטש נאמן אוני גרייכטן אן באך סמבטיון אן איינם דינשטאג אכט טאג פר דער צייט דז דאז יאר פון דען מינכן אויז זאלט זיין. אוני ווארן ווארטין ביז שבת אוני זעצט זיך אויף דאז שיף אן שבת. אוני שפראך צו זייני ברידר ליבן ברידר ווערט איר היא. ווארום וועגן מיר אלי מחלל שבת זיין עז איז גנוק מיט מיר דאז איך מחלל שבת בין. אוני גוויש דאז זיא מיך ווערן ריכטן אזו בליבן זיא דיברן [!]. אוני ער צוך אליין אוני קאם אן שבת צוא זיא. אוני זאגט צו זיא ער האט בריב פון דיא אנדרן אירי ברידר ישראל אזו בלד לישן זיא אין אין די תפיסה טאן, דרום דאז ער מחלל שבת האט גוועזט. אבר דא זיא דען בריב לאזין אויף טאן פון דיא קויף לייט דיא דא ווארן הנדלן. אבר דא זיא פר נעמן ווארן מיינונג דאז בריב. אוני דיא גזירה דאז איר [b4] ברידר ישראל אזו לנג זאלטן גלות האבן זא לאזן זיא אין אויש. אוני זאגט צו אים דער אונס פר דרינגט דען שבת. אוני ווארפין גורל אונטר זיך דער דא זאלט ארויש ציהן. דא גפיל דאש גורל אויף איינש פון דיא רוטי יודן דאז היש דן. דז וואר אלט אוני הינקדיג.

זא שפראכן זיא צו אים אנפיט היים וואז דוא ווילשט דיינם גזגד. אוני דוא זאלשט ניט מין מחלל שבת זיין אוני בלייב היא בייא אונז אוני לאז דיין ווייב איין פרומי אלמנה

פר זיצן. דען דוא טארשט איר קיין בריב שרייבן נאך גט. אויך מוז דן זיין ווייב אונ׳ קינד אויך אזו לאזין. זאלן מיר דעןווערטן ביז איבר אכט טאג זא ווערט דיא צייט איבר גין. נעם איטלכרווידר איין ווייב אונ׳ לאז דיא אלמנות אזו שטין. מיינט דאז דיא ערשטן ווייבר זאלן פר זיצן. אלי וייל עש יוא גאט וויל עש אזו האבן.

זוא אנסבאך רבי מאיר שליח צבור איין היימט אלש דאש אים עבן וואר. אונ׳ אויך אז איך ווער צום לעצטן שרייבן. אונ׳ דאז רוט יודלן זעצט זיך אויף דעם שיף אונ׳ פארט איבר דען באך סמבטיון הריבר אונ׳ פאנד דיא דרייא יודין. דיא דער שראקן זער אונ׳ זיא פראגטין וואז רבי מאיר ווער זוא זאגט עז אין דיא זאך אונ׳ דיא יודין דער שראקין זער אונ׳ שפראכן וויא איז דאש מיגליך דאז דער קליין ליים [!] הינקידיג מענדליין זאל קענן בשטין פר דעם גרושן מינכן אונ׳ עז איז הינקט וואז האט דאך רבי מאיר אונז גטאן. וויא האט ער כל ישראל אום איר לעבן גבראכט.

אזו גינג דאז קליין מענדליין אים הינקן אונ׳ זיא גדוכטן זיא מושטן עז פירן אונ׳ וייזן דען וועג. זוא גינג עז פר אין אלן. אונ׳ קאם אין צווייא טאג און צווייא נאכט אויף דאז אורט. דען עז האט עפיז מיט שימות גקונט נון עז וואר דער טאג אונ׳ דיא צייט דיא דא גצילט וואר אונ׳ דיא יודן ווארן אים גרושן לייד אונ׳ ווארן שרייאן רבי מאיר. רבי מאיר וואש האשטו אונש ארמי ידליך [!] גטאן. וויא האשטו דיך זעלבשט אום גבראכט אום אונזר וועגן.

אזו ווארן זיא שרייאן אונ׳ וויינן ביז דאז זיא קאמן צום אורט דער בהוערונג. דיא דא זאלט זיין ווען דער מינך האט גלאדין. דאש זיא מושטן זיך שטעלן אויף דעם זעל-בינן טאג. זיא בטריבטן זיך דאש רבי מאיר האט אין גשיקט דען הינקדיגן מאן אונ׳ דאז [5 a] ער זעלבשט ניט קומן ווער. אויך וואושטן זיא נאך ניט וויא נאך אז עז ווערט קענן גזיין דאש איין זעלכיש מענדליין ווערט קענן בשטין פר דעם מינכן דער אזו גרוש אונ׳ שטרק איז אונ׳ דער בשוורר דער טייביל איז מיט פיל צייברייא איז.

אזו ווארן זיא גטאן אין איינם גרושין פל׳ץ אונ׳ ביימיר וואקסין דינגן. אונ׳ דיא יודן שטונדן דינגן הרום אין דעם פלץ. אונ׳ דיא אנדרן פעלקר אובן אויף דעם גבייא דאז זיא האבן גמאכט אונ׳ אזו בלד אז דיא יודן העטן פר לארן זא וועלט דער מינך אל דיא יודן האבן גטיט. דער וייל עש וואר אזו פר בונדן גיווארן פר דעם קייזר. נון שטעלט זיך דער מינך קיגן אים. אונ׳ שפראך וואז טרייבן דיא יודן גשפאט אויז מיר וואז געבן זיא מיר צו קונשטן איין קליין הינקדיג נידר מענדליין דא דער שראקן זער כל ישראל גרינגז הרום. אבר דיא שלוחים דיא דא האבן גזעהן דאז וואונדר דאז ער זיא האט איין שטראס גפירט איין זולכן קורצן דא שריאן זיא אין דעם פלאך דאר. דוא צייבריר דוא האשט גוויש נאך ניט מארגן גזעהן. עז ווערט דיר דיא וועלט נאך צו ענג מאכן,

אזו פרישיטן זיך דיא יודן איין וויניג פון וועגין ריד דיא שלוחים.

נון הוב דער מינך אן אונ׳ בשוואור אל דיא טייביל דאש זיא אים זאלטן ברענגן איין גרושי שטעהיליין שטאנג ער מיינט ער וועלט דער מיט דאז קליין יודליין צו דריבר צו הויאן. ער נאם דיא שטעהיליין שטאנג עז העט זיא קאם איין גאנץ הער קענין אויף היבן. אונ׳ ווארף זיא מיט קרפט דער שידים אין דיא ערד דאז די ערד דריבר צו שלוס, נון שריא ער צו דעם יודליין ציך דוא זיא ווידר הרויש׳ר. אונ׳ זונשט דער שלאגשטו אל דיא יודן: ווען די הושט מיך צורניג גמכט דאז איך מיך וויל איבר קיינם דער בארמן. עז איז גלייך או ווען דוא זיא אל ווערשט אום ברענגן. נון איילט באלד דאז הינקדיג מענדליין דאו שפראך צו אים מיט לישטן דוא זעלשט זיא ניט האבן אזו טיף הניין גווארפן וויא קאן איך זיא דער לאנגן. נון בלד האט עז איין לעגל וושר בייא אים אונ׳ וואר זיך ריינגן אונ׳ וועשן זיין הענד אונ׳ שפראך נון זיכט אויף איר ליבן ברידר מיין עטץ יודן. אונ׳ [5 b] עטץ קרישטן. אונ׳ אויך איר היידן. זיכט וואול אויף. אונ׳ דוא מינך וויא דוא ווערשט

קאבן בשטין. איך זאג דיר איך וויש וואש אונטר דער ערד איז אז דוא ווישט וואש דא איז. דוא הושט דיזי שטאנג דא אונטר גוווארפן אונ׳ איך וויל זיא פון אונטר דען קיניג שטול הרויש ציהן.

דער קיניג וואר זיך פר וואונדרן פון ריד דיזן יודן אונ׳ זאך דאז עז נאם מיט זיינם קליין פינגרליין אונ׳ גראבט איין לאך אונ׳ דער ווישט דיזי שטנג אונ׳ צוך אן אלי מיא הרויש אונ׳ ווארף זיא אין דיא היך דאז מן קוים זיא זאך אונ׳ ליש זיא אים ליפטן שטין אונ׳ שפראך צו דען מינכן גילנג דוא זיא איך האב זיא ניט פר בורגן גלנגשטו זיא ניט. זא זאל אידר מאן זעהן הייגט דיין הייפט זאל שטעקן גאר שון דרויף. אונ׳ וויל זיא טרייבן אין דאז ווישטנייא דאז דא נימר מער קיין מענש הין קומן אז אונ׳ דוא אונ׳ דיין לערנר ווערן קיין מכט קיגן מיר האבן

דא וואלט דער מינך מיט זייני קונשטן דיא שטאנג גלנגן אדר ער קונט ניט ווארום עז הוט זיא אזו אין דיא היך גוורפן דאז קיין טייבל קונט שוועבן ער קונט דאז ניט אונ׳ וואר בייא שנדן בשטין דא זאגט ער מיר וועלין איין אנדרי קונשט בווייזן דער ווארטן דאש ער האט דיא שטנג זאלן פער געשן. אונ׳ מכט זיך אבר ברענגן צווייא גרושן גהויעני מילין שטיין דא זאגט ער איך האן זיא אליין בישאפן. אונ׳ גיגג באלד אונ׳ צו מאלט זיא קליין צווישן דיא הענד גלייך אז ווען איין מאן צו מאלט איין שטיקליין לאם און קאלך.

זוא ענטפרט אין דאז קליין יודליין דוא זאגשט מיר דוא האשט דיר זיא בישאפן עש איז מיר קיין וואונדר. דאז איך זיא ניט בישאפן קאן. ווארום איך בין קיין גאט ניט. אבר איך האף אן גאט יתברך הילף דאש איך וויל מיר זיא אויך אזו בישאפן. נון גינג עש הין מיט זיינר גיבעט אונ׳ מאכט איין ווינד קומן דער זאלט אלי דיא ברעקליך צו איין אנדר וועהן. דען ער וואר נייארט נאר דריין בלאזין זוא ווארן דיזי ברעקליך צו צווייא טייל. אונ׳ ער קנעטיט דיא ברעקליך גלייך אז ווען איינר איין טייג קנעטין טוט אונ׳ מאכט צווייא מילין שטיין פיל גרעשיר אז דער מינך זיינן, אזו באלד נאם עש דיזי שטיין און אלי

מיא אונ׳ צו מאלט זיא אז שטאב. זא [6 a] מאכט עז איין ווינד קומן אונ׳ ליש זיא אויף טראגן אין דיא היך צו דיא זעלביג שטאנג, דא זאך זיא אידר מאן אבר, נון ער קאנט זיא ניט גרייכין נאך גילאנגן. אונ׳ דער מינך בלייבט אבר אמאל בייא שאנדן בשטין.

נון זאגט דאש יודליין ווידר וויא לאנג זאל איך מיך נאך מיאן מיט דיר אונ׳ דוא קאנשט גאר ניט בשטין קיגן מיר, נון וויל איך אויך עטליכי קונשט טאן אונ׳ טרייב דוא זיא הין וועק, אדר מאך זיא קומן. דא וויל איך מאכן איין פייאר פלאמן היראב פון הימל אונ׳ לעש דוא עז אויז. אודר ציגד דוא עש אן אונ׳ איך וויל עז אויז לעשין.

אזו באלד שפראך דער מינך וואש פר קונשט איז עש איך וויל עז וואול אויש לעשין, אזו באלד מאכט דש יודליין איין גרוש פייאר הראב שיטן פון הימל עש רינגיט זיך גלייך אז וויא איין שלאנג דיא זיך ציכט נאך אירי לענג אזו בראנט דאז פייאר גרונט אונ׳ הייט אונ׳ אלי ביימר אונ׳ קרייטיר פר ברענט נישט. דש נאם אידר מאן גרוש וואונדר. נון שריא דאש יודליין צו דען מינך לעש אויש עש האט נון גינוק גיברענט. נון בראכט דער מינך פון אונטן אויף איין גרוש קוואל וואשיר דער שוס אויש דער ערדן דער זאלט בילך פאר לעשט האבן. זא גינג דאש פייאר איבר זיך אונ׳ פר ברעניט דאש וואשיר אונ׳ ברעניט פיל בעשר דער נאך אז דער פאר.

נון זאגט דער מינך איך וויז עש ניט אייש צו לעשין, דא זאגט דאש יודליין לאש נאך איין קליינש ווילן ברענן ביז דאז עש פר ברענט גאר דיין ברונן דען דוא אויף גבראכט האשט דאש די לייט ניט זאלן זאגן דוא בישט גאט אונ׳ האשט דיזן קוואל בשאפין. אבר איך זאג דיר דוא ווערשט באלד צו הימל פארן האשטו עטוואש צו שאפין אויף דיזי וועלט זוא זאג עש. ניט געדענק דאש דוא ווערשט דיך בשירמן מיט דיין קונשט דוא קאנשט קייני מער דען איך האב פר ברענט זיא אים פייאר אלי דיא דיך האבן גלערנט. דען איך האב דז פייאר אובן פון דען גלגל אש גבראכט. דען איך האב זיא אלי וואול גזעהן שוועבן איבר דיר זוא האב איך זיא אלי פר ברענט.

אזו באלד זאך דער מינך איבר זיך דא זאך [6 ט] ער קיינר זייני לערנר. דא פר צאגט ער גנץ אונ׳ וואר בלייך אונ׳ ציטרט אונ׳ באט עז ליבר איך וויל דיר דינן אונ׳ לאז מיר נייארט דאש לעבן.

דוא זאגט עז איך וויל דיר דיין לעבן ניט נעמן איך וויל דיך צו מאלט ניט אן רירן וויא וואול דוא האשט מיר פון מייני ברידר אזו פיל דער שלאגן. איך זאלט דיך טיטן מיט שווערי מיתות משונות.

נון גנעהנט דאז יודליין צו דעם פייאר אונ׳ זאגט זיכט צו מיט וואז דיא לייט פייאר אן מאכן. וויל איך דאש אויז לעשין. אונ׳ ער האט עש ניט קענן אויש לעשן. מיט וואז אידר מאן אירי פייאר אויז לעשט. נון עז בלאזט אויף זייני בקין אונ׳ בלאזט איין בלאז אין דאש גרוש פייאר דא לענגט דאז פייאר אין דיא היך אונ׳ צוך זיך הין אויף קען פאר אונ׳ זיא זעהן דען נייארט דאמפף אונ׳ רויך אונ׳ קיין פייאר מין. דען עז וואר שון לנג גשאסן אנויף אין זיינם ארט. נון פילן זיא אלי אויף איר ענצלט.

נון שפראך דאז יודליין וואז זאל איך פיל קונשטן מאכין איך מוז זעהן דאז איך פר טרייב דיא שטאנג אונ׳ מיל שטיין דיא דא שטינן אין דיא היך דאז דיא לייט ניט זאלן זאגן דוא בישט גאט גוועזן. נון בלד עז זאגט צו דען מינכן דיזן הוכן בוים אונ׳ דיקר דער איז נאך ניא אב גהקט ווארן זינט נח דיא לאר האט גמאכט דער הקט אין אב אבר דער איז ווידר אן דיא שטאט איך וויל אין ביגן צוא דיא ערדן אינ׳ הלט דוא אין אויף ווען איך אין גביגט האב אן דער ערדן דאז ער ניט ווידר אנויף שנאפט. אודר איך ווילש טאן אונ׳ ביג דוא אין.

אזו גדאכט זיך דער מינך אבר ווידר צו קונשטן דארך זייני מעשה שדים אבר ער זאך קייני מער. נון שריא ער אונ׳ יאמרט מיט אים זעלבשט אונ׳ שפראך וויא האט עטץ מיך פר לאזין ליבי מיינשטר מיין. דאך זאך ער נישט דא ענפרט נון אבר דאז יודליין וואז זאל דאז ווייגן אונ׳ יאמרן. איז דיר דיין פאטר אודר מוטר פר גאנגן מיט גישפאט. אבר אים גינג קיין גילעכטיר איין ער ווער גערן פר שאבדן לאנג טוט גיוועשט. דען ער וואשט ניט צו

ביגן דיום שטארקן אונ׳ דיקין הוכן בוים דא וואר עש שרייאן אבר וואז זומשטו דיא לייט. אונ׳ הערין היא צו ווארטין זאג וואז דוא [a 7] קאנשט אודרווילשטו אין הלטן דאש ניט ער זאל אויף שנאפין זוא גיטרויא איך אין גאנש קראפט אין צוא ביגין. זוא שפראך דער מינך איך וויל אין אויף הלטן דאז ניט ער זאל אויף שנאפין.

זא ביגט דז יודליין דינן דיקן בוים פר אויגן אידר מאן גלייך אז וויא מן איין דיגש קליין שטעקליין טוט ביגן אונ׳ שפראך צו דעם מינכן בגרייף אין שטרק ער איז יוא גבוגן ביז אן דיא ערד הלט אין. ניט הלב אזו לנג אז דיא הלב וייל אז איך האב נידר גבוגן. דא וועלט דער מינך ניט קומן דען אים וואר דאז איין בזויא.

דא שריא דאש מענדליין הוך גבארן קיניג אונ׳ אל דאש [!] הערן זיכט דא הין וואז דער איין מאן איז צו איבינטויאר אונ׳ צו קונשטן דא שעמט זיך דער מינך דען זיין זין וואר ניט גוועזט דז דאש יודליין העט זאלן קענן נידר ביגן דרום האט ער גזאגט איך וויל אין הלטן דאש ניט ער זאלט אויף שנאפין אזו וויניג אז ער אין ביגן טוט אזו וויניג בדרפט איך אין צו האלטן. אבר דא ער זאך דאז עז אין האט יוא נידר גבוגן אונ׳ עז טעט אים יוא שנד אן זא מוזט ער גין ווען ער שון זיין מיתה העט דא פר זיך גזעהן אונ׳ פר גרושר שנד זא גנעהנט ער צום בוים.

דא שפראך דאש יודליין ניט ריר מיך אן אונ׳ בגרייף דוא אין שטרק. אז ער אין בגריף אונ׳ ער זאגט איך ריר דיך יוא ניט אן. דען שריא עז זיכט אוב ער אין קאן הלטן נידר גבוגן אז איך ווער לאזין גין. דער מינך בפאשט אין הרט אונ׳ עס ליס גין דא שנאפט דער בוים קען פאר אונ׳ שמיצט דען מינך מיט קראפט דאז אים דער קאפף אויף שפראנג אונ׳ אידר מאן זאך דאז ער פלוך אין דער היך מיט גרושן קרפט אונ׳ בליב שטעקן אן דיזר שטנג אונ׳ דער לייב קאם צווישן דיא צווייא מילן שטיין אונ׳ לויפן ארום אן דער שטנגן אונ׳ פלוך אלז מיט אים אין דיא ווישטנייא וויא עז גזאגט האט פאר.

נון האט עש ישראל דער ליוט אונ׳ דער קיניג יענדרישי מרטין פון לאנץ אל דיא וואונדר זאך אונ׳ אלי

מלכים אונ׳ הערן אונ׳ פעלקר דז זאך עטלכי זאכן אונ׳ עטליכי הערסן [!] נון גינגן איטליכר אין זיין גצעלט מיט מנוחה אונ׳ פרייד דאז ניט זיא דארפטן מער פארכט צו האבן פר דעם מינך. אונ׳ דער קיניג אונ׳ דיא פעלקר דיא האבן דיא יודן גינשטיג דארך וואוגדר דיזם מענדליין.

אזו קאם אויך ר׳ מאיר [b 7] ווייב צו פראגין דאש יודליין אונ׳ דיא שלוחים וואו א״ר ר׳ מאיר ווער הין קומן אונ׳ אוב ער גשטארבן ווער דרום דז ער מיט אין ניט קומן איז זאגט איר דש יודליין דיא זאך אונ׳ וויא די בני מושיעים ניט האבן אים וועלן רשות געבן צו זיין מחלל שבת במזיד. אך מיר האבן זיא ניט דער לייבט צו קומן ווידר איין היים איך מאג איין ווייב נעמן אין דיזם לאנד אונ׳ דוא מושט איין אלמנה היה פר זיצן אל דיין טאג אונ׳ ער העט דיר גערן איין בריב גשריבן פון דעם גט ער האט ניט טארן שרייבן אם שבת אז ער איבר גפארן איז דען באך פון סמבטיון דען דיא צייט פון דעם מינך איז דוא גוועזן, אונ׳ איך האב מיינם ווייב אויך קיין גט קענן לאזין. אונ׳ דאז אלז פון דאש דאזיגן וועגן אונ׳ וואז ער אנטפאטן האט אין שול צייט קיגן דעם אובינט דאש וויל איך קיגן כל הקהל זאגן אונ׳ ער גינג אין דיא שול.

דא מן האט גאורט זוא זאגט עז הערט כל הקהל הקודש דאז האט אייך אנטפאטן רבי מאיר שליח צבור. ער האט פון אייערט וועגן מוזן פר לאשן זיין ווייב אונ׳ זיין גבורד אונ׳ האט איין גרושי טאכטר אויז צו געבן אונ׳ דאש ווייב בדרף שפייז. דא האט ער אייך אלי גבעטן איר זאלט מיט איר טובות טאן אונ׳ זאלט דאש ווייב טרישטן אונ׳ שפייזן אונ׳ דיא טאכטיר אויז געבן איר איינם קעשט־ליכן מאן. אונ׳ איך אי איך בין הין וועק גצוגן זוא איז ער מיין איידים גווארן דעם [!] איך האב אים מיין טאכטיר ביגעבן.

זוא ענפרט כל הקהל וואש איז בילכר אין דער וועלט צו טאן אז דאש דער צדיק אונ׳ דער חסיד דער פון

אונוערן ווען האט גוואגט זיין לייב זאלן מיר אים דאז גבעט ניט גווערן ווען ער אונש איין גליד טעט אן היישן עש ווער אים וואול בילך צו געבן אונ׳ ניט צו פר זאגן אבר אונז דוכט בילך צו זיין דאז איר זאלט דיזם גנאד טאן מיט דיזם צדיק אז ער האט מיט אייך גטאן אונ׳ האט אייערי טאכטר גנומן וואו קונן מיר איין קעשטליכר מענשן גפינדן. דא פרייאט זיך דאז אלט ווייבלן פון דיזם איידם דא זיא הערט דאז עש זאגט יוא אונ׳ בלד קאם זי צו אירר טאכטר אונ׳ זאגט דיין פאטר הוט דיך וואול בשטאט מיט איינם תלמיד חכם אונ׳ זאגט איר דאז וועזן גאנץ אזו דז דאש יודליין איין חתן איז אונ׳ דער טאג וואר ערב שבועות דא זאגט עש ער האט מיר לויה נאך גיטאן אונ׳ [a8] האט גימכט אים גין איין זמר אויף זיינם נאמן דען האט ער מיך גיבעטין איר זאלט עש זינגן פון זיינט וועגן ער איז אויך גיחתמת. (מאיר בן רבי יצחק יגדיל בתורה ובמעשים טובים אמן חזק ואמץ).

דאז איז בילך דש איר פון זיינט וועגן זאלט עש זינגן אונ׳ דער ווארטין דאש זיין נאמן זאל ווערן גדאכט צו אלי גיבורד אונ׳ זאלט עש לאשן ווישן דיא גישיכניס אונ׳ ווערק דאש דא איז מיט אים אונ׳ זיין גיבורדא דאש מאלט גישעהן אונ׳ עש זאגט אזו. מארגן זייט אנטפנגן אויף אייך צו זינגן איבר דיא ספר תורה וואז איך אייך ווער זאגן אונ׳ דאש קהל וואר זיך ברייטן נאך שבועות איין ברייליפט צו מאכין אונ׳ ער נאם זיך רבי מאיר שליח צבור טאכטר.

אונ׳ רבי מאיר שליח צבור נאם זיין טאכטר אונ׳ האטן דאש יאר הרום איין זון דען הישן זיא רבי מאיר אונ׳ הישן דאז גישלעכט גישלעכט פון דן דיא וייל דש עש פון דאש גישלעכט וואר פון דן יעקב אבינו זון אונ׳ דיא אלט שפייזט עש אונ׳ גאבן אים פיל געלט צו מארגן זאגט עש אז מיר זינגן אלי שבועות דז זמר פון אקדמות אונ׳ איבר דעם באך סמבטיון דרום דאז גאט יתברך האט

די וועלט בשאפין פון וועגן דז זיא זאלן הלטן דיא תורה אונ׳ דינן מיען מיר זיך אונ׳ לערנן.

דאז אקדמות רעט אויך פון גאט וויא ער דיא וועלט בישוף אונ׳ דיא צייכין אין מצרים אים זעלביגן גלות זיין מיר. גוועזן דען זיין מיר שבטים קומן הינטר סמבטיון אונ׳ האבן קיין גלות מער גיהאט אלז וואש דארט הרום וואונט דאש מוז אונש (מס) געבן. אונ׳ איז דינן גימאכט פיל לוב פון גאט יתברך דען זאלט איר אויך זאגן ער איז גימאכט אויף צווייא אלף בית אונ׳ דען רבי מאיר גימאכט האט דאש רעט פון דעם גלות וויא אונש די עכו״ם וועלין אן רייצין צו דינן אירן ע״א אונ׳ וויא מיר אינן ענטפרן זולן אונ׳ ריד פון משיח אונ׳ חלק לעולם הבא אונ׳ גן עדן אונ׳ די האט דיזם אקדמות דער טראכט. מיט צווייא אלף בית איז עז גמאכט.

דא היבט זיך אן מגן אונ׳ וואו איז דיין פריינד. דינן איז זיין נאמן גצייכנט אונ׳ נאמן זיין פאטר יצחק דער בייא. מרק פר דיך מיט דיים הרץ פרייא. ווערשטו דא אינן לייאן. זא ווערט זיך דיין הרץ דער פרייאן. אונ׳ ווערשט אך ווירדיג זיין אנדרן גבאט גאט ית׳ צו טאן. אונ׳ פון אים ווערשטו האבן איין גוטן לון.

נון היבן מיר טייטש (אקדמות) אן
אונ׳ (ארכין) ווערט דר נאך שטאן.

אקדמ״ת אי איך אן היב צו רידן. אונ׳ בגין צו שפרעכן.
אולא אם ערשטן וויל איך נעמן. דרלייבא אונ׳ דער לייבנש.
בבבי מיט ריד צווייא אודר דרייא, זא וויל איך אן היבן מיט שאלונג.
בברי מיט רידא אונזרם בישעפר אונ׳ דער דא טראגט דיא וועלט צו דער עלטר.
גבורן שטערק איביגליכן צו אים. אונ׳ ניט איז גינוגין צו בישיידן.
גויל פערמיט ווערין דיא הימל. אונ׳ ראדין אל דיא וועלטר [!].
דיו טינט ווערן אלי מער. אונ׳ אלי וואשר זאמלונג.
דיירי וואונונג דאז לנד שרייבר. אונ׳ צייכינונג דז בשריפט.

הדר — שונקייט דז הערן דער דא איז אים הימל. אונ׳ איז גיוועלטיג אין די טרוקינגש: [b9]

הקם — ער אויף גריכט דיא וועלט אליין. אונ׳ ביצווינגט זיא מיט ביצווינקניש:

ובלא — אונ׳ אן מודיקייט ער האט גיגרונט פעשט זיא. אונ׳ איז קיין שוואכקייט:

ובאתה — אונ׳ מיט איין לעשטירא איין גרינגי די זעלביג איז די היא דז ניט אן איר איז קיין טאשטונג:

זמין — ער האט בירייט אל זיין ערבייט אן דיזים טאג דען זעקשטן.

זהור — לויטרקייט זיין ווירדיקייט איז גילובט אויף שטעל די פייארונג:

חיל — היר טויזנט מאל טויזנט. אונ׳ צעהן טויזנט דיא אים דינן:

חדתין — נייאי ענגיל ער בישאפט אלי מורגינש גרוש איז זיין ווארהייט:

טפי — פיל בריענדיגי ענגל: אל צו מאלט זיין גיקריבט פעטיך זעקש.

טעם — איין ריד ביז דז עז ווערט גיגעבן צו זיא. זיא שווייגן מיט שווייגונג:

יקבלון — זיא אנטפאנגן דיום פון דיום. דאז ניט איז מיט זוימונג:

יקר — זין ווירדיקייט איז פאל אלי לאנד צו גידריט דיא היילקייט:

כקל — אז שטים פון פאר דיזש אלמעכטיגן אז שטים וואשר זאמלונג:

כרובין — ענגיל קיגן גלגלין. זי דר היכן מיט גשרייא:

למחזי — צו אן גיזיכט מיט בליג דש אויג. אז שוס פון פפייל [!] זיין בוגן:

לכל — צו אלי שטאט דש מן זיא הין שיקט זיין בווארנט מיט דער באטשאפט:

מברכין — זיא לובן איין לובונג ווירדיקייט מיט אלי שפראך ריימונג:

**מאתר** כון הויז שטאט זיין רואונג דז מן ניט בדרף צו זוכין אין

**נהים** עש ברומט אלי הער דאז דא איז אים הימל זי לובן מיט זארגן: [a10]

**נהירא** עז איז דער לייכט זיין קיניגרייך צו גיבורדא אונ׳ גיבורדא צו בשיידן:

**סדירה** עז איז גיזעצט אן זיא זיין הייליקייט אונ׳ אז ער איבער פארט די צייט:

**סיומא** איין אויף הערונג פון צו אימר מער. אונ׳ אויך ניט צו די שמטה:

**ערב** ישראל זיין גיליבט כון ערבא. דיא זיין ביזעצט מיט ביזעצונג:

**עבידה** זי מאכן צו אים זיין ווילן. אז דיא זון אויף גיט אונ׳ אונטר גיט:

**פרישין** איין בישיידונג צו זיינר גאב צו דיא דוא מונין זיין ווילן:

**פרישותיה** בישיידונג זיינש לוב זי קינדן אין דיא צייט:

**צבי** ער האט גיוועלט אונ׳ גילושט אונ׳ ביגערט דאז זיא זאלן זיך מיאן ישראל אין דער תורה:

**צלותהון** איר גיבעט מיט ער אזו אנטפנגט. אונ׳ עש הילפט איר גיבעט:

**קטירא** דיא תפלה איז גיקניפפט צו דעם דר דא לעבט איביגליכן אום ווילן איידא דער תורה:

**קבל** אום ווילן ער דער תפילין דיא דוא זיין ביזעצט מיט ביזעצונג:

**רשימה** דיא תפילין זעלבשט זיין גיצייכינט מיט קלוג־הייט אונ׳ מיט זין:

**רבותה** אום ווילן הערשאפט פון ישראל דיא דא לייאן אין קריאת שמע:

**שבת** לוב דיא זיא הערין איביקליכן. איין זאג איין רייני:

**שפר** בשינט איז אויף אים צו קינדן. פון פר זיין קיניגרייין:

**תאין** זי קומן אונ׳ זאמלין זיך איין. אז אינדן דאז מער:

תמיהין   זיא פר וואונדירן זיך אונ׳ פראגין צו אים. אים
ווילן גישעפט צייכינונג דער תורה:

[b10] אלהיא היבט זיך אן נאמן פון רבי מאיר
אונ׳ פון זיינם פאטר:

מנן   אזו זאגן דיא פעלקר וואו אונ׳ וואו איז דיין
פ״יינט דער דא איז בישיגט מיט גישטלט:

ארום   פר וואר אום זייני וועגין בישטו ווארן גישלאגן
אונטער דער ליבען:

יקריה   דוא בישט וואל ווירדיג אונ׳ צימליך בישטו
וויא ווילשטו דיך אונטר מישן צו דיא הער=
שאפט:

רעותך   דיין ווילן וועלן מיר טאן צו דיר אין אלי ענדן:

בחכמתא   מיט קלוגהייט ישראל ענטוורט צו זיא איין טייל
צו לאזין ווישן זיא:

ידעתון   זיא ביקענין דיא ווייזין צו אים. מיט דער
ביקענונג:

רבותכון   אייער הערשאפט וואז איז זיא גיאכט קיגן די
זעלביג לוב גאט:

רבותא   דיא הערשאפט פון אונזרם בישעפר דאז ער
ווערט טאן צו אונש ווען ער ווערט קומן משיח

במיתי   זא עז קומט צו מיר דאז ליכט אונ׳ בידעקט
צו דיא זונדר דיא פינשטר:

יקריה   זיין ווירדיקייט אז ער אנטפלעקט מיט שטארק
אונ׳ מאכט:

ישלם   ער ביצאלט פר געלטונג צו דיא זינדיגר אונ׳
א אים ער ווערט אונמערין:

צדקתא   די גירעכטיקייט צו ישראל פאלק דז גליבטין
אונ׳ גאר גרוש איז זיין ווירדיקט:

חדו   איין פרייד איין גאנצי זא עז קומט אונ׳ איין
גאב איין רייני:

קרתא   די שטאט פון ירושלים אז זיא ווערן זאמלין
זיך ישראל דיא פר טריביני:

יקריה   זיין ווירדיקייט איז גיוארפין אויף אים. בייא
טאג אונ׳ בייא נכט:

גגונוהי — זיין חופה זיא מאכן צו אים. מיט לוב דער קרון: [a11]

דזהור — דיא קלארקייט פון דיא װאלקין נאך צאל דער קרון:

לפומי — דער נאך דש עז װערט גיטאן מיט װערק דער מונד פון דיא צדיקים זיא מאכן איין חופה:

בתכתכי — מיט שטיל גאלד גים אונ׳ זיבן דער שטאפפלין:

תחימי — גימערקין דער צדיקים דאש אין איז גישטעלט פאר גאט יתברך דאש ער איז מיינשטיר דער װערקן:

ודיוויהון — אונ׳ איר גישטאלט איז גלייך צו זיא אין הימל דער פרייד:

רקיע — דיא הימל אין איר לויטרקייט אונ׳ דיא שטערן אין איר קלארקייט:

הדרה — די שונקייט דאש ניט איז מיגליך צו בישיידן מיט לעפצן:

ולא — אונ׳ ניט עז איז ניא גיהערט אונ׳ גיזעהן צו קיינם װאר זאגר:

בלא — דאש ניט עש גיװעלטיגט אן אים קיין אויג אין צװישן גארטין דיא זענפטיגן:

מטיילי — זיא דער מייאן זיך איין דער מייאונג מיט טנצינג [!] דער שכינה:

עליה — ישראל װערן טייטין אויף אים מיט דיא פינגר אונ׳ װערן זאגן אויף אים דא ער פר װאר מיט דיא װארהייט:

שברנו — מיר האבן גהאפט אויף אים אין די גפענקניש פון דיזם פר טריבניש מיר הובן זיך גישטערקט אין זיינם קלאבן.

ידבר — ער פירט אונז איביגליכן אז דיא יונגין מיט װארהייט.

מנת — איין גאב צו אונז איז פון פאר מאלט דיא איז בישיידן מיט בישיידונג.

טלולא — דיא דער מייאונג פון לויתן אונ׳ דיא אוקשן אויף דעם בערג דען הוכין.

זהר — אונ׳ אייבר מיט דעם אנדרן דען זיא װערן זיך פאר װערן אונ׳ װערן מאכן איין שטרייט. [b11]

בקרנוהי מיט זייני הערניר עש ווערט שטושין דאש פיך דאש גרושי.

יקרטע עש ווערט שטאכין דער פיש לויתן מיט זייני פלוס פעדרן אונ׳ שטערק.

מקרב ער גינעהנט צו אים דער בישעפר מיט זיינם שווערט דעם גרושן.

ארסטון איין מאל צו דיא צדיקים ער ביררייט איין מיטאג מאל.

מסחרון זיא אום רינגילן אונ׳ זיצין. אויף שטול פון קארפונקיל אונ׳ גוטין גישטיין.

נגידין צו ווערט זיך ציהן פאר זיא פון באלזום דש וואל שמעקידיג באך.

ומתפנקי אונ׳ זיא ווערן זיך זענפטין אונ׳ זעטין מיט בעכר דער זעטונג.

חמרי דער וויין דער דא איז בישאפין פון זעקש טאג דער בשעפניש דר איז גיהאלטין אים קעלטר.

זכאין איר זייט וואל ווערדיג דאז איר האט גיהערט לוב פון דיזם גיזאנג.

קביעין מיט ביזעצונג אל זוא ווערט עש זיין אין דיא זעלביג גיזעלשאפט.

ותזכון אונ׳ איר ווערט זיין ווירדיג דאז איר ווערט זיצין אם איברשטין דיא צייל.

ארום אום וועגן דז ער פאר נעמט צו דיר זייני תורה דיא דא איז אויז גאנגן אם בערג סיני מיט שונקייט.

מרומם ער איז דער היכט אונ׳ גילובט דער אלמעכטיג גאט אם ערשטן אום [!] אם הינטרשטן פון דיזי וועלט.

צבי ער האט גילושט אונ׳ ביגערט אן ישראל ער האט בענטפערט [!] צוא אין דיא תורה.

[a12] דאש זאגט מן פר אנכי אן שבועות.

ארכין ער נייגט גאט דען הימל אויף בערג סיני. אונ׳ זאגט צו משה זיין ווארהפטיגן קנעכט קום אונ׳ גיא הרויף:

בני — די קינדר מיין פאליש ניט זיא ווערן ער שרעקן דיך. דיא ביצוואנג דיין עלטר פאטר אברהם פון ערשטן.

גומרין — גליאנדיגי קולן דאש קלך אובן וואר דאז פייאר פון נמרוד. אונ׳ ניט עש קונט פר ברנן דיא פיס דיינש אלטן פאטר אברהם.

דבקלית — ניט עש זאל ביהעפטין דאש פייאר פון מיינם ענגיל אן דיך. דען עש ווערט זיין מיט דיר דאש פייאר דז דא פר ברענט אלי פייאר.

הא אנא — פר וואר איך וויל קליידן דיך אין פירפל וואל מיין דאז מיינט דיא וואלקן דז ניט ווערן גינעהן דיא ענגיל אונ׳ דוא זאלשט ביצוויגגן אן זיא.

וקבעית — אונ׳ איך וויל זעצן הערניר. דאז איז גלאנץ דער שונהייט אן דיא הייפט דאז ניט איין מאן זאל קענין גינעהן צו דיר.

זערא — ער זאל ניט קליין זיין גיאכט ביי דיר משה דען דוא ניט וויישט ויא גאר ליבשאפט אויף מיר.

חי וקים — אלז לעבנדיג אונ׳ בישטעטיג איך בין זוא האב איך בישאפן דיין גישטלט. אי ניט איז גיגרונט־ פעסטיג [!] די ערד.

טרוני — הערן דז הימלש זיא שטונדין אונ׳ פר וואונדרטן זיך דיזור גאסט אלהי ווער אישט ער.

יה יהב — גאט האט געבן ער לויבנש צום פלייש אונ׳ בלוט צו גינעהן אל הער אונ׳ ווער אישט אזו איין הער.

כד חמון — אלש די ענגיל זאכן דז גאט אזו ענטוורט צו זיא דיזן גסט גיב איך צו ערקענן אייך.

לענותנותה — צו דער דעמוטיקייט דז ער ווערט גרופן משה הירט צו מיינר קינדר אונ׳ ווארהפטיגר מייני הויז. [b12]

מכו — זיא נידרטן זיך דיא הימל אונ׳ ער היכט זיא די נידר ערד דא ווערט גיפונדן דאז ער שטונד. צווישן דען ענגיל דיא היישן חיות הקודש.

נעו — זיא פר וואגלטן דיא ענגל אונ׳ שראקן די אופנים אלז זיא זעהן משה דאש ער גינעהט צו דעם וואלקין.

שערות — האר אירש הויפט זיא שטונדן אויף זיא אל מיט איין מאל. דיא גישטלט פון יעקב. זיך אויף גיריכט צו קיגן אים.

עול — גיא הרויף אונ׳ קום אל הער העניט מייני קינדר אלזו שריא פון זיינם שטול דער הויך [!] קיניג.

פסל — הויא צו דיר צווייא טאבלן פון ספיר דאז אונטר שטול קיניג דאז לעבנדיגן.

צהיל — פריליך וואר דאש הערץ פון משה. אונ׳ ער פרייאט זיך. דז דער דער ברמיגי גאט. זיין פאר שפראכיר וואר.

קריבו — זיא גינעהנטן דיא ענגלן צו שטול דען ווערדיגן אונ׳ שפראכן מיר ביטן דיך. ניט ער זאל גיוועלטיגן אן אונש.

רישא — הויפט דאש פעלזן מיט דען שטאב האט ער צו בראכן אונ׳ מיר זיין הרט צו אים צו ביצווינגן

שדי — דער אלמעכטיג גאט שפראך צו אים ניט דוא. זאלשט דיך פערכטן דען מייני זאג זאלן זיין צו דיר אין דיינר הילף.

תסב — נעם מיין תורה אונ׳ נידר דיך. דען ניט איך האב גיפונדן אין מייני נביאים איין ווארהפטיגן אלש דיך:

**תם ונשלם שבח לאל בורא עולם**

# עטלעכע הערות צום טעקסט:

**כ"י b 22 = פירט b 1:**

פר אנגשט — תלמודיש: האי מאן דמיבעית... ליקרי ק"ש (מגילה ג), ווי דאָס ווערטל: „האָסט מורא? — לייען קריאת שמע!" זע אויך עלזעסס „וואונדער-אוצר פון דער יידישער שפּראַך", דאָס דאַוונען, 20.

**כ"י b 28 = פירט a 5:**

„טרייבן" — זע ד"ר מ. ווײַנרײַכס לעקסיקאָלאָגישן עטיוד „טרײַבן" אין „צײַטשריפט" I, נומער 12.

**כ"י a 33 = פירט a 7:**

דער נאָמען פון דעם קיניג איז פאַרשידן אָנגעגעבן. אין כ"י הייסט ער „יענדרש מערטן בון לנץ", אין פירסטער דרוק „יענדרישי מרטין פון לאנץ"; אין דער אויסגאַבע 3 (זע ביבליאָגראַפיע אויבן ז' 9) פשוט „מרטן דילאנץ"; אין דער אויסגאַבע 4 איז דער נאָמען אינגאַנצן אַדורכ־געלאָזן, ס'שטייט סתם „דר קיסר"; אין דער אויסגאַבע 5: „מַאַרְטֶן דִילָץ".

**כ"י a 34 = פירט a 8:**

דער פולער אַקראָסטיכאָן איז: מאיר ברבי יצחק יגדל בתורה ובמעשים טובים אמן חזק ואמץ". זע דאַווידזאָן, אוצר השירה והפיוט, א 7314.

# צו: יצחק ריווקינד, די היסטאָרישע אַלעגאָריע פון ר׳ מאיר ש״ץ

(פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוו״א III ז״ז 1—42)

## קאַפּויר, קאַריק.

דרוק פירט ז׳ b3 (= כ״י a26): „דען ווארום ער טוט שטיינער אויף ווערפין פון זיינם גען פאר״ (= כ״י „אין די הייך״). אין נומער 3 איז עס „אויף קען פאר״, נומער 4 „אויף קעפאר״, און אין נומער 5 פעלט אינגאַנצן דער אויסדרוק.

די זעלביקע זעלטן אינטערעסאַנטע פאָרם חזרט זיך איבער ווייטער אויסגאַבע פירט זייט a7 „דא שנאפט דער בוים קען פאר״ (= כ״י b32 „דא שנאפט דער בויאם אנטפור״). אין נומער 3 לייענט זיך אַזוי: „אין שנאפן דען בוים קען פאר״, נומער 4 „ליי אים גיין קיפאר״ און אין נומער 5 „לאז אום גיין קופר״.

פון די אַלע וואַריאַנטן קען מען איינזען, אַז די באַדייטונג איז פשוט: אין דער הייך, אַרויף.

דער ערשטער עלעמענט „גען״ (אין דער עלטסטער פאָרם „גין״) אָדער „קען״, איז פאַרבליבן עד היום אין יידיש.

מיר געפינען אין יוסיפון (ציריך 1546) זייט b7, קעפל פון 3טן קאַפּיטל: „בון בבל גען ירושלים״ און אַזוי איז דאָס אויך אין דער אויסגאַבע פון אַמסטערדאַם 1661, כאָטש געוויינטלעך איז די פאָרם דאָרט „קען״, ווי אויף זייט רעה אאז״וו. אין דער הגדה (ווענעציע שס״ט) שטייט „גין מצרים״ און „גען מצרים״ אויף דעם זעלביקן בלאַט: „אונ׳ יעקב אונ׳ זייני קינדר זי נידרטן גין מצרים״ (זייט ב. ב.=a6) און אויף דער אַנדער זייט (b6) צוויי מאָל:

„אוני׳ ער נידרט ג ע ן מצרים״. אין „המגיד״ (פּראָג 1675) שופטים י״א 33: „ביז דו מן קומט ק ע ן מנית״ [1]

אין פאַרבינדונג מיט דער פּרעפּאָזיציע „ביז״ געפינען מיר דעם זעלביקן עלעמענט אין מנהגים װענעציע 1590 זייט נא a: „מן װארט ב י ז ג י ן נכט אי מן ברכו זנט״, אויך דאָרט כא a, לדס b און מס b; אין מנהגים־אויסגאַבע פון אַמסט׳ 1723 איז אומעטום ב י ז ק ע ן. אין װיצנהויזנס תנך־איבער־זעצונג (צװייטע אויסגאַבע, אַמסט׳ 1687) אין דער הקדמה (אל עין הקורא, זייט בס b) שטייט: „און פון צפון ב י ז ק ע ן דרום״. אַן אינטערעסאַנטער װאַריאַנט פון דער פאָרם „ביז קען״ געפינט זיך אין די פּראָגער בריװ פון 1618 — 1619: „דיא קינדר שי׳ זיין מיט גאטש הילף פריש אוני׳ גיזונט ביזנה הונדרט יארן זאלין זיא אווי זיין צו אלין גוטן״ (24 B); דאָ איז דער נון אָפּגעפאַלן פון סוף װאָרט. אונזערע איצטיקע יידישע ב י ז ק נ ו ו אַ נ ע ן, ב י ז ק ל ו ו אַ נ ע ן און דאָס ספּעציפיש מינסקער ב י ז ק ע ל ע שטאַמען אַלע אָפּ פון אַלטן „ב י ז ג י ן״, און די מיטלשטופע „ביזנה״ אָן אַ נון האָט אַ װיכטיקע שייכות מיט אונזער ענין.

דער צװייטער טייל „פאר״ קומט פון אַה״ד און מה״ד bor אָדער por, װאָס מיינט שפּיץ, אייבערשטער רוים, הייך, שפּיצבאַרג. פון אים שטאַמט דאָס דייטשע װאָרט empor, ביי לוטערן נאָך entbor, װאָס זיין פּאַראַלעל אין יידיש איז דער אויבן דערמאָנטער „אַנטפּור״ פון כ״י 32b און בראַנטשפּיגל (האַנױ 1626, זייט מט a): „אוני׳ װען זיך איין װרויא זעצע אויף די ערד אודר אויף איין בנק ציכט די פים צו א נ ט פ א ר קינן דען לייטן דאש איז איין גראשי אונצוכט״ און אויף דעם זעלבן זייטל װייטער: „אויך זול מן זי ניט [די ספרים] אום װענדן אויף די אונרעכט זייט אודר דש אונטרשט א נ ט פ ו ר״ (אויף פּראָסט יידיש

[1] דער אויסלייג „קיין״ אַנשטאָט „קען״ װי „פאָרן ק י י ן אַמעריקע״ איז היסטאָריש אומבאַרעכטיקט און קומט פון דער אויסשפּראַך אין אַזעלכע אויסדרוקן: „איך האָב ניט קאַן (kən) (= קיין) געלט״ און איך פאָר קאַן אַמעריקע״, װאו ביידע װערטער ק ע ן און ק י י ן קלינגען אַלץ איינס אַן ערך װי קאַן. די דייטשע בייפאָרם gein (דװ״ב IV, I, II, 3342) בייט אין דעם גאָרניט.

מיינט עס, אַז מען זאָל זיי ניט מבזה זיין און לייגן אויף דער לינקער זייט אָדער שטעלן „מיט די פיס אַרויף״).

דער איבערבייט פון לוטערס entbor אין אונזער אנטפאר איז אַ נאָרמאַלע יידישע פאָנעטישע דערשיינונג ווי אין אַנטווײַנען, אַנטלויפן, אַנטלייען, אַנטשטיין אאַז״וו.

לויט די כללים פון יידישער פאָנעטיק ווערט יעדער לאַנגער אָדער אָפענער מה״ד o פאַרוואַנדלט אין אַן וי אין יידיש. די מה״ד ווערטער: kôl, tôt, sol, hol, wôl ווערן אין יידיש קויל, טויט, זויל, הויל, וואויל.

אַ מה״ד לאַנגער (אָדער אָפענער) o פלוס r ווערן אין יידיש: ויער; ôr(e), tor, born ווערן אין יידיש: אויער, טויער, בויערן.

פון דעם איז קלאָר, אַז די פאָרם גען (אָדער קען) פאר, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט שפעטער אין קעפאר (קעפאר איז אַ דרוקפעלער), קיפאר און קופאר (פון די נומערן 4 און 5) האָט נאַטירלעך געדאַרפט ברענגען צו אַ פאָרם וואָס ענדיקט זיך מיט —פויער.

עס איז נייטיק צו גערענקען:

1) אַז אַלע וואָקאַלן פאַרן אַקצענט ווערן אויסגע-רעדט נאָר פאַרשיידן פון די זעלביקע קלאַנגען מיט אַן אַקצענט אויף זיי, און אַז אין יידיש האָבן די קלאַנגען e, i אין אַ טראָף פאַרן אַקצענט אַ טבע צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ קלאַנג וואָס איז זייער נאָענט צו a (אין פאָנע-טישע אַרבעטן באַצייכנט מען אים מיט ə).

2) אַז דער קלאַנג n צום סוף פון אַזאַ טראָף ווערט זייער אָפט פאַרשוואונדן.

און 3) אַז אַ ה פון אָנפאַנג פון אַזאַ טראָף ווערט אַלעמאָל פאַרשוואונדן אין דער אויסשפראַך, עס מאַכט ניט אויס פון וועלכן פון די דריי באַשטאַנדעלעמענטן פון יידיש דאָס וואָרט קומט: מה״ד, העברעאיש צו סלאַוויש — אַלץ איינס. למשל די מה״ד ווערטער:

(ביי לוטערן) jemal, iewâ (שפעטערע פאָרם itzund) iezunt, hinwëc, enwëc, hin în, hër în, hër ûf,

hër umb, hër under, hër abe, sëlb einander, sölb dritte [1].

זיינען געוואָרן אין יידיש: אַצונד, אַוואו, אַוועק, אַניין (מצח אהרן, פירט 1768 זייט טזb; פראָגער בריוו נומער 31 זייט 40), אַריין, אַרויף, אַרום, אַרונטער, אַראָפּ (אין שו״ת ב״ח, ספּד״מ תנ״ז ז׳ מ״טb שאלה ע״ב, געדאַטירט ביום ד׳ אסרו חג דסוכות שפ״ז = 1626, ווערט געבראַכט אזאַ גבית עדות: „ער איז גילאפן ארפיט פון דען הויז״, אַקוראַט ווי אַן איצטיקער ליטוואַק וואָלט געזאָגט אַראָפּעט, כאָטש ווען דער ב״ח אַליין הייבט אָן חקרנען זאָגט ער שוין מער אויפן דייטשמערישן אופן: „דען ער איז גלאפין הראב פון דעם הויז״), זאַלבענאַנד, זאַלבעדריט.

אין די העברעאישע ווערטער: בעלי־בתים, בעל־מלאָכה, מלחמה, מלמד, ברוגז, חול־המועד, מחותנים, שלש־סעודות, כּמעט, אַן עין־הרע הערט מען אין אוקראַינע אַ קלאָרן a אין די טראַפן פאַרן אַקצענט.

די פון סלאַוויש־געקומענע ווערטער чемоданъ, померанцъ, скелетъ, экзекуція, веретено, вермутъ, эмаль, ווערן אין יידיש: טשאַמעדאַן, מאַראַנץ, סקאַלעט, זאַקיציע, וואַרעטענע, וואַרמוט, אַמאַליע [2].

צוליב די אויבנדערמאָנטע כּללים פון יידישער פאָנעטיק האָבן זיך די פּרעפיקסן הין, ען, איין, אַן נאַטירלעך דורכגעמישט, און מען קען געפינען אויף דעם זעלביקן זייטל איין וועק, אַוועק (שו״ת רמא, 1640, זייט כטa); עוועק (קב הישר ספּד״מ 1705 זייט 49a), הין וועק (יוסיפון, 1546, ז׳ 17b). אַזוי קען מען אויך געפינען איין היים, אַן היים און אַהיים; הינויף, אַנויף; הינוים, אַנוים און אַזוי אָן אַ שיעור.

אין געוויסע יידישע דיאַלעקטן ווערט דער נון פאַרשוואונדן אַלעמאָל אין סוף וואָרט. מצח אהרן, פירט 1768 ז׳ טזb: זענה אַשורה פאַר זיינן, און דאָס

1 ק. ווייַנהאָלד, Mittelhochdeutsche Grammatik, § 330 ברענגט די פאָרמען: salbdryt, salbvierde.

2 ליפשיץ, I.

זעלבע ווידער אויף זייט י״ז a און אין אַ סך אַנדערע ווערטער. אין די פּראָגער ברי״ו: דער פּרווייאה, קענה, וענה, ויינה אָנשטאָט די פֿאָרמען מיט אַ נון צום סוף (פֿאַרגלייך דאָרט אַריינפֿיר XXXIX).

פֿאַרבייגייענדיק איז כּדאַי אָנצו באַמערקן, אַז פֿון דאַנען, דאָס מיינט פֿון דער אומקלאָרקייט פֿון די וואָקאַלן פֿאַרן אַקצענט, קומען אונזערע צרות מיטן יידישן אויסלייג פֿון באַ־, פֿאַר־, אַנט־, פֿאַר וועלכע מיר האָבן באַדאַרפֿט קעמפֿן אַזוי לאַנג אָנשטאָט די אַלטמאָדישע בע־, פֿער־, ענט־.

לויט די אויבנגעבראַכטע כּללים ווערט אויס חידוש, וואָס די פֿאַרשיידענע פֿאָרמען ק ע פּ א ר, ק י פּ א ר און ק ו פּ א ר זיינען באמת די וואָקלדיקע אויסלייגעכצן פֿון אונזער אַלגעמיין=יידישן ק אַ פּ ו י ע ר, וואָס מיינט מיט די פֿיס אַרויף און מיטן קאָפּ אַראָפּ, און דאַן אין פּסיכישן זינען: פֿאַרקערט, צעדרייט, ווי צום ביישפּיל אין אויסדרוק „משה קאַפּויער״.

אַ פּאַראַלעל צו דער געדאַנקען=אַנטוויקלונג אין טייטש פֿון וואָרט געפֿינען מיר אין אוקראַאינישן до гори ногами — מיט די פֿיס אַרויף, בוכשטעבלעך: צום באַרג מיט די פֿיס — פּונקט ווי אין מה״ד האָט bor געמיינט: באַרג, די הייך, מערקווערדיק, וואָס גלייך ווי אין זאַקסיש=ריייטש מיינט por (אין Porscheune) בוידעם פֿון אַ שייער, אַקוראַט אַזוי מיינט ropa אין אוקראַאיניש אי באַרג אין בוידעם [1].

(אין דעם ענגלישן topsy-turvy האָבן מיר אַן אַבסאָלוטן פּאַראַלעל צו דעם באַגריף פֿון קאַפּויער: מיטן קאָפּ אַרונטער; להיפּך צום נאַטירלעכן מצב; אין אַ צעטומלטן צושטאַנד).

ביי גליקל האַמיל, אויסגאַבע קויפֿמאַן ז׳ 77 האָב איך געפֿונען דעם זאַץ: „מיין גאט ווען איך נאך דראן גידענק שטינין מיר מיין האר צו בערג״ דאָס מיינט: שטעלן מיר זיך די האָר קאַפּויר.

1 אויך אין יידיש זאָגט מען אין אַנדערע געגנטן (למשל האַמליער) באַרג אָנשטאָט „בוידעם״ [מ. ה.]

אין דייטש איז דאָס אַ געוויינטלעכער אויסדרוק, וואָס איז הונדערטער יאָרן אַלט. דוו״ב I, 1504 — 1505 גיט די ציטאַטן:

**Berg.** 4. In diesem allgemeinen Sinne verbindet sich auch **berg** mit Praepositionen, um das höher Liegende oder Stehende, das **hinauf und empor** auszudrücken.

אָט זיינען עטלעכע פון די ביישפּילן וואָס דוו״ב ברענגט:

stunden mir die har zu **berge** an meinem laibe, Hiob [Luther] 4, 15.

... dasz ihm alle seine haar **gen berg** giengen. Boccacio, Strassburg 1519, 2, 136a.

Welches so greulich wer, dasz eim[=einem] wildem schwein die har **gen berg** solten stehen. Fischart, Bienenkorb 1586, 174a.

ווי מען קען זען פון די ציטאַטן, איז דער אויסדרוק **גען בערג** אידענטיש אין דייטש מיט דעם אויסדרוק **צו בערג**.

דאָס הייסט, אַז אין אַלטיידיש האָט מען געקענט זאָגן אָן אונטערשייד **צו בערג** און **גען בערג** (?, ווי אין דייטש), **צוריק** און **גען ריק** (אונזער קעריק, קאַריק), **צופאר** און **גען, קען פאר** (אונזער קאַפּויער).

דאָס ברענגט אונז צו אַ וואָרט, וואָס איז געווען אַ רעטעניש פאַר אַ פּאָר פון אונזערע שפּראַכלער: ז. רייזען אין זיין „גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך" I 1920, ז' 90—91 זאָגט: דיאַלעקטיש איז אויך דער דומפּער וועלאַר ק אָנשטאָט דעם אַפריקאַט צ אין דעם ליטווישן **קריק**, **קאַריק** אָנשטאָט **צוריק** (פג״ל אָקעאַן מיט Ozean, קיסר מיט צעזאַר א״אַנד).

ניט יעדע פאַרקערטע טעאָרעמע איז ריכטיק.

אויב עס איז אַפילו אמת אַז k פאַרבייט זיך אויף אַ z (c), איז פון דעם ניט נעדרונגען, אַז אַ z (c) פאַרבייט זיך אויף אַ k און פון דייטשן וואָרט **צוריק** קען ווערן אויף יידיש **קריק**, **קאַריק**. אָבער דאָס זעלביקע חזרט איבער נאָך אים מ. מיזעס אין Die jiddische Sprache 1924, ז' 64:

„Z in deutschen Worten bleibt im jd. fast überall unverändert, teilweise Ausnahme: zu-rück=kyrick“.

אַלע אונזערע פאָרמען קאַריק, קעריק, קיריק און קריק זיינען פּאַראַלעלן צו די פאָרמען קאַפּויר, קיפּאַר, קעפּאַר אאַז״וו. און זיי קומען פון קען ריק= דאָס הייסט פון דער מה״ד פאָרמע gen-rücke.

אין לעקסערס מה״ד ווערטערבוך געפינען מיר פאַר, שיידענע אַנדערע פאַרבינדונגען מיט ריק ווי überrücke, berücke, hinter-rücke, אַחוץ אונזער באַקאַנטן צוריק.

און אין Schweizerisches Idiotikon IV, 1508—1509 געפינען מיר bor, רוים, די הייך, געוויינטלעך אין פאַר-מעלע פאַרבינדונגען מיט פּרעפּאָזיציעס:

b) empor=in Bor; למשל enbor stân שטיין אין דער הייך, דיבאָס, קאַפּויער (וועגן האָר);

c) mir gand schier alle haar zuo bor.

דאָס הייסט: מען קען זיך אויסדריקן וועגן האָר צופּאַר אָדער עמפּאַר = אנטפּאַר (וואָס בייט זיך אין אונזער מאַנוסקריפּט מיט קאַפּויר). גראַד אַזוי האָט מען באַשיימפּערלעך געזאָגט אין אַלט-יידיש אי צוריק אי קאַ-ריק (קאַ = קען = גען). און ווירקלעך, ביי שאַדע, Althochdeutsches Wörterbuch שטייט בפירוש:
gagan, kagan... mhd. gegen, gein, gên, md. kegen, kegin, kein=zu, nach... hin, entgegen, gegenüber.

מיט אַנדערע ווערטער, קען מיינט דאָס זעלביקע וואָס צו.

ווי מען קען זען פון דעם, זיינען די חקירות וועגן אַ פאָנעטישן איבערבייט פון z (c) און k לחלוטין איבעריק און ווי געזאָגט אומבאַרעכטיקט.

צו ז׳ 27: אייפעמיזם.

כ״י 31 a = פירט 6 a.

„דו די לויט ניט זנין דו ויישט נאט אונ׳ הבשט דיין קוויל בישפן״ אָבער אין דער אויסגאַבע נומער 3 לייענען

מיר: „דו דיא לייט ניט זעלין זאגין דוא בישט באק אונ' האשט דיא קוואל בישאפין" (ז' a ג שורה 34), און אין די צוויי איבערדרוקן פון לעמבערג (נומער 4, 5) שטייט „איין באק", און ווערט אַזוי אויך איבערגעחזרט אַ צייטל ווייטער, כאָטש ס'איז „גאט" אין ביידע עלטערע נוסחאות, אין מאַנוסקריפּט און אין פּירט.

דער עלטסטער מקור פון דעם אייפעמיסטישן אויסדרוק „באק", וואָס מיר איז באַקאַנט, איז פסקים וועניציע 1519: „זא האבט איר מער וועז בוק וואר מוכט וועז איר האבט אונרעכט צו וועגא גיברויכט אונ' הש"י האט גיבוטן מאן זול רעכט טון זו האבט איר יא מער וועז בוק וואר מוכט" (דאָס מיינט: אַזוי האָט איר מער איידער גאָט פּאַרמאָגט — אָדער: קען באַווייזן, איז אימשטאַנד —, ווייל איר האָט געטאָן אומרעכט און הש"י האָט געבאָטן מען זאָל רעכט טון, אַזוי האָט איר דאָך מער איידער גאָט פּאַרמאָגט) — זע ריווקינד: יידיש אין העבּרעאישע דרוקן ביזן ת"ח 1648, אַמער' פּנקס, I ז' 31.

אַזוי האָט נאָך אליעזר בן שמואל הלוי (געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון 14טן יאָרהונדערט) אָנגעוואָנט אין זיין צוואה: „ואפילו אל תזכירו שם שמים לבטלה לומר בל"א גו"ט" (ישראל אברהם'ס, צוואות גאוני ישראל, פילדלפיא, תרפ"ז ח"ב, 213). די קריסטן אין דייטשלאַנד פלעגן אויך אַזוי זאָגן. זע דוו"ב II 202 — 203, און לעקסער I, 321:
Bock's — genitiv von b o c, euphemistisch für g o t e s=nhd. p o t z (potztausend!).

ביי די פעלקער וואָס ריידן ענגליש איז „לא תשא את שם ה'" ווייער שטרענג אָפּגעהיט, אָבער... עס גלוסט זיך דאָך, נו, מאַכט מען אַ שפּיצל, מען הייבט אָן דאָס וואָרט ווי געהעריק און מע פאַרענדיקט עסן ניט מיר ניט דיר ניט:
By Golly, by gosh, by gorrah, by Gad, by gum(=God); (Gol) Darnit (=God damn it! גאָט, פאַרפלוך עס).

יודאַ אַ. יאָפּע.

אין מיין אַרטיקל האָבן זיך אַריינגעגנבעט עטלעכע גרייזן וואָס באַדאַרפן פאַרריכט צו ווערן.

ז׳ 3, הערה 3, I באַדאַרף שטיין: פּראָג 1724.

ז׳ 3, הערה 3, III באַדאַרף שטיין: וואַרשע 1850. ווייטער אַ ביסל: „געווען אויך געדרוקט אין „ספירת העומר", מעץ 1766".

ז׳ 7, שורה 27, ס׳שטייט: „געשטאָרבן 1096"; ס׳דאַרף שטיין: „געשטאָרבן פאַר 1096.

ז׳ 8, שורה 12. ס׳שטייט „מחורים" ס׳דאַרף שטיין: „מחוורים".

ז׳ 9, שורה 10. ס׳שטייט: „ז׳ 350". ס׳דאַרף שטיין: „ז׳ 550".

ז׳ 18, שורה 3 פון אונטן. ס׳שטייט: „[a 3]." ס׳דאַרף שטיין: „[b 3]".

צו ז׳ 36, שורה 29. „לעשטירא" איז אין פירט [ז׳ b9] פאַרגרייזט. ס׳דאַרף זיין „לעטירא" — אות. אַזוי שטייט טאַקע אין קרובץ אַמסטערדאַם 1671, פראַנקפורט 1709 און אין אַלע איבעריקע. אין בראַנטשפּיגל, האַנוי 1626, פּרק לח, זייט קכ״חb, ווערט ציטירט און איבערגעזעצט אַזוי: „אין אקדמות שטיט (הקם עלמא יחידאי באתא קלילה דליות בה משש[ו]תא). דז איז טייטש ער הוט אויף גריכט די וועלט אליין מיט איינם אות איין גרינגש דז ניט אן אים איז איין משטונג דאז איז די הא".

יצחק ריווקינד.